Kushnirov, Aaron.
Hirsh Lekert.
Moskve ; Kharkov ; Minsk,
1930.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005-1907.19

**Kushnirov, Aaron, 1890-1949.**
Hirsh lekert / A. Kushnirov. 2te oyfl.
Moskve ; Kharkov ; Minsk : Tsentrfarlag, Alukrainishe opteylung, 1930.
115 p. ; 19 cm.

1. Lekert, Hirsh, 1879-1902--Drama. 2. Yiddish drama.—lcsh
I. Russia (Federation)-Moscow

ID : NXYH01-B15821 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /8880

Reduction ratio X10.0

א. קושניראָוו

# הירש לעקערט

צווייטע אופלאגע



צענטרפארלאג
מאָסקווע — כארקאוו — מינסק
אלוקראינישע אָפטיילונג
1930

Printed in USSR
(Russia)

א. קושניראָוו

# הירש לעקערט

צום ערשטנ מאָל אופגעפירט דעמ 23 - טנ
מארט 1928 יאָר דורכנ יידישנ מעלוכע -
טעאַטער פונ ווייסרוסלאנד, אונטער
דער רעזשי פונ מ. ראפאלסקי



אוקרהויפּטליט נומ. 3493
באשטעלונג נומ. 6588
טיראַזש 5000 עקז. 4 ב.

דרוק. „קאָמוניסט".
כארקאָוו, פּושקינסקע, 31.

# אנטיילנעמער

הירש לעקערט, פּיִוול, יאנקל — אַרבּעטער, שוסטער.

שיינע — אַן אַרבּעטערן, א בּונדאָווקע.

זילבּערשטיין — אַ בּוכהאַלטער, א בּונדאָוועץ

סענדעראצקי — אַ פּוילישער אַרבּעטער.

סאָניע שערעשעווסקי — אַ זובּאַטאָוקע

פאָן־וואל — ווילנער גובּערנאַטער.

בּאָגאליי — זשאנדאַרמען־פּאָלקאָווניק.

נאזימאָוו — פּאָליצמייסטער

טשעקין — אַ שפּיק.

מאָטל עסרעג, בּערל שניידער — באַלעבעסלעך

ראָוו.

מאלקע לעקערט.

פרוי עסרעג.

יינגל.

**יידענע** — דעם יינגלס מיטער.

**אַדיוטאַנט** — באַם גובערנאַטער.

**דאקטער.**

**אַלטער פּאָרעצ.**

**קלעפּער.**

**וועכטער.**

אַרבעטער, בונדאָווצעס, זובאַטאָווצעס, גאָראָדאָ־וואָיען, קאָזאַקן, אוילעם.

קומט פאָר אין ווילנע, אין אַפּרעל־מײַ 1902 יאָר.

## ערשטער אקט

# ערשטע סצענע

ע ו רויכער־צימער אין גובערנאַטערס הויז. אפן הינטערשטן פלאַן באלויכטענע זאַלן. מוזיק. פון זאַל גייען ארויס אין רויכער־צימער פאָן־וואַל און נאַזימאָוו.

## פאָן־וואַל.

נו, פאָליצמייסטער, איך בין גרייט אייך הערן.
דערציילט... דערציילט, וואָס טוט די פאָליציי;
קריי ניט צו דערלאָזן דאָ אין שטאָט
אָט די... פאַרברעכערישע... דעמאָנסטראַציע.
(זעצט זיך)

## נאַזימאָוו.

איך האָב די ערע, אייער עקסצעלענץ,
צו מעלדן אייך: אין שטאָט איז רו און אָרדענונג.

(פאָן־וואַל ווייזט מיט א שטומען זשעסט — נאַזימאָוו זאָל זיך זעצן. נאַזימאָוו זעצט זיך פאָרזיכטיק צו און הייבט זיך פלינק ווידער אוף)

ווי אייער עקסצעלענץ האָט דאָס באַפוילן,
און לויט די צעטלען פון זשאַנדארמען־טייל —
געמאַכט געוואָרן זיינען אומעטום
די אונטערזוכונגען און די ארעסטן.

און אומעטום אינ שטאָט פאַרשטאַרקט די וואַכ —
ווי אייער עקסצעלענצ האָט דאָס באַפוילנ...
איצט קאָנ מענ האָפנ, אייער עקסצעלענצ,
יט מעגלעכ זיינענ קיינע דעמאָנסטראַציעס...

פאָנ־וואַל.

גוט, פאָליצמייסטער, זעצט זיכ. איכ באַווייליק
די מיטלענ, וועלכע זיינענ דורכגעפירט.
זאָל געבנ גאָט און זאָלנ דורכגיינ רויִק
די טעג, אַף וועלכע ס׳איז פארטראַכט באַ זיי
אָט די פאַרברעכערישע... דעמאָנסטראַציע,
וועל איכ דער פאָליציי... פאַר טרייער דינסט
מיינ הייסנ דאַנק דורכ א באַפעל דערקלערנ...

נאַזימאָוו.

כ׳דאַנק, אייער עקסצעלענצ.

פאָנ־וואַל.

אפ שווערער דינסט געפינענ מיר זיכ דאָ, —
מיר זיינענ דאָ געשטעלט, ווי טרייע היטער
פונ רוסלאַנד און פונ קייסערס טראָנ,
אינ אָט דעם קאַנט, ניט־רוסישנ און פרעמדנ,
וואָס איז מיט סאָנים אינערלעכע פול —
מיט יידנ, מיט פאָליאקנ, וועלכע ווילנ
זיכ אונטערגראָבנ אונטער אונדזער מאַכט, —
דאָ קאָנענ מיר רויִק זיינ און זיכער:
מיט שאָטנס פיינטלעכע איז פול די שטאָט,



אינ יעדער ברוסט דאָ קלאַפט א האַרצ א פיינטלעכס,
פונ יעדנ פענצטער קוקט א פיינטלעכ אויג.
זיי האַלטנ נאָכ די פיינטלעכקייט פאַרבאָרגנ,
נאָר — אָט, אָט רייסט עָ זיכ אַרויס אפ גאַס,
אָט דרינגט זי שוינ ארייַנ אהער אפילע,
קעדיי צו סאָנ א וואקל אונדזער רו.
א שווערע פליכט: דאָ מוז מענ שטענדיק וואכ זיינ.

נאַזימאָוו.

איר זאָגט גאַנצ ריכטיק, אייער עקסצעלענצ,
פאָליאַקנ, יידנ, — וואָס איז דאָ צוריידנ,
אלצ מענטשנ ניט קיינ זיכערע.

פאָנ־וואַל.

ניט אלע...

נאַזימאָוו.

גאַנצ ריכטיק, אייער עקסצעלענצ... ניט אַלע...
פאַראַנ באַ אונדזו... א פאַבריקאַנט דאָ איינער...
א ווילער מענטש... אָט, כאָטש ער איז א ייִד...
ער שפירט נאָכ זיינע ארבעטער אליינ,
און טאָמער עפּעס... גיט ער באַלד צו וויסנ
פערזענלעכ מיר... און אָט דער פאבריקאַנט
(דאָס איז געוו/נ פאר זייער עקסצעלענצ
דעם פריערדיקנ ווילנער גובערנאַטאָר)
האָט אויסגעשפירט באַ זיכ אינ דער פאַבריק
איינ זשיד און צוויי זשידאָווקעס, וועלכע האָבנ
פאַרווערטע פראָקלאַמאַציעס פאַרשפרייט.

### פֿאָן־וואַל.

,אָ זייער גוט. אַזעלכע דאַרף מען אַכטן,
און יענע דאַרף מען אויסוואָרצלען ביז ענד.

### נאַזימאָוו.

מע האָט זיי, אָט די דריי, דאָרט אַרעסטירט
און זיי גענומען אָפּפירן צום פּריסטאַוו,
נאָר... אייער עקסצעלענץ, אינמיטן גאַס
איז א האמוינ פון ארבעטער באַ טויזנט
מיט שטעקנס און מיט שטיינער אינ די הענט
באַפאַלן דעם אוריאַדניק און די סאָטסקעס...
און אָפּגעשלאָגן זיי... און זיי באַפרייט...

### פֿאָן־וואַל.

באַפרייט?! וואָס האָט געטאָן די פּאָליציי?

### נאַזימאָוו.

ווי נאָר זי איז געקומען אַפן אָרט,
איז דער האַמוינ פון דאָרט זיך גלייך צעלאָפן.

### פֿאָן־וואַל.

און קיינעם נים געכאַפּט? א שאַנד! א שאַנד!

### נאַזימאָוו.

פאַרהאַלטן נאָר די אָנפירער: דריי יידן —
דעם שוסטער הירשל לעקערט און... נאָך צוויי...
מע האָט זיי ארעסטירט... און...



### פֿאָן־וואַל.

אופגעהאַנגען?!

### נאַזימאָוו.

ניינ... נאָר אויסגעשיקט...

### פֿאָן־וואַל.

א קליינע שטראָף!
באַ מיר וואָלט ער זיך אַפּ שטריק געבויטעט...

(פּאַוזע. גייען צוריק אינ זאל)

מע קאָן פון זיי אצינד דערוואַרטן אלץ...
מיר מוזן אָנעמען די שטרענגסטע מיטלען,
אַז אינעם טאָג פון זייער ערשטן מייַ
זאָל דאָ קיינ איינער ניט פון זיי אפילע
דערוועגן צו באַווייזן זיך אַפּ גאַס.
זיי ווילן אונדזער אָרדענונג צעטרייסלען,
זיי ווילן דורכדרינגען אהער דורך ווענט...
מיר מוזן שטענדיק וואַך זיין, פּאָליצמייסטער,
וזנמיך מ שטאַרק זיי האַלטן אינ די הענט.

## צווייטע סצענע

גאַס א ג ווילנע. בירשענקל. פון דער טיר וואַלגערן זיך אַרויס עטלעכע אַרבעטער, איינגעקלאַמערטע איינע אין די אַנדערע. קוילעס געשרייען

### סענדעראַצקי.

זובאַטאָווצעס!

### יאַנקל

צעשפּאַלטן זיי די קעפּ!
זיי זאָלן ניט דערוועגן זיך דאָ ווייזן!

### סענדעראַצקי.

פאַרעסער נידערטרעכטיקע! שפּיאָנן!

(עס לויפט זיך צונויף א רעדל אַרבעטער, עס קומען אָן פּייוול, שיינע)

### פּייוול.

וואַרט, יאַנקל, שטייט, דערציילט, וואָס קומט דאָ פאָר

### יאַנקל.

זובאַטאָווצעס!



### סענדעראַצקי.

שפּיאָנען! הינטיש בלוט!

### שיינע.

ווו האָט איר זיי דערטאַפּט?

### יאַנקל.

אָט טאַקע דאָ.

### סענדעראַצקי.

מיר זיצן זיך אַזוי און טרינקען ביר —

### יאַנקל.

און זיי אַנטקעגן אונדז, און הייבן אָן פון ווייטן מיט זיסע ריידעלעך, מיט כיטרעקייט...

### סענדעראַצקי.

איך האָב זיי באַלד דערקאָנט...

### פּייוול.

וואָס האָבן זיי געזאָגט?

### סענדעראַצקי.

אַז אונדז באַדאַרף ניט אָנגיין פּאָליטיק —
דאָס איז אַן אַרבעט פאַר אינטעליגענטן...

### יאַנקל.

און נאָכ... און נאָכ אַזעלכע זיסע רייד...
אַז אַרבעטער באַראַרפן וויסן איינס:
דערשלאָגן זיכ אַ העכערונג פון לוין,
פאַרגרינגערן פיל־וויניק אונדזער לאַגע,
און דאָס וועט אונדז ניט שטערן קיינער טאָן
דורכ זייער אומאָפּהענגיקער פאַרטיי.

### פּייוול.

אַזוי האָט ער געזאָגט?

### יאַנקל.

אַזוי געזאָגט.
ווי דען, דו מיינסט, ער וועט דיר אַנדערש זאָגן?

### שיינע.

פאַרוואָס־זשע האָט איר גלייכ אים ניט געפרעגט,
ווי קומט דאָס, וואָס אין מינסק האַלט איצטער שמאָל
מיט זייער אומאָפּהענגיקער פאַרטיי?
באַדאַרפט אַ פרעג טאָן זיי.

### פּייוול.

באַדאַרפט! באַדאַרפט!

### יאַנקל.

אָט נאַ, אָט האָסטו! אָפּגעזאָגט אַ מעמרע:
באַדאַרפט אַ פרעג טאָן זיי! וואָס טויג מיר פרעגן?



כ'וועל גיין דיסקוסיעס מיט זיי פאַרפירן?..
איכ זע דאָכ שוין, מיר איז דאָכ קלאָר זיין מיין —
בין איכ אים גלייכ פאַרפאָרן אין די ציין!

(יאַנקל און סטנדעראַצקי אָפּ צוריק אין בירשענקל)

### שיינע.

אין מינסק האַלט איצטער זייער שמאָל מיט זיי —
זיי האָבן דאָרט קימאַט צוויי יאָר געאַרבעט,
די פּאָליציי אַליין האָט זיי געשטיצט,
געהאָלפן אויסשפּילן אַ צוויי־דריי שטרייקן,
געמיינט דערמיט די אַרבעטער פאַרבלענדן...
נאָר אַלע וויסן שוין דאָרט ווער זיי זיינען
און קיינער לאָזט זיכ שוין ניט נאַרן מער,
איז וויל מען איצט אַ פּרווו טאָן דאָ די שפּיל
און שאַפן באַ אונדז אַזאַ פאַרטיי...

### פּייוול.

דאָ וועט זיכ ניט איינגעבן די קונץ!
קום, שיינע, אָט וועל איכ זיי נאָכ דעריאָגן,
וועל איכ זיי ווייזן אַ זובאַטאָווע פאַרטיי...

(שלעפּט זי נאָכ זיכ)

### שיינע

ניין, איכ באַדאַרף דאָ צוואַרטן אַ ווײַלע, —
באַלד קומט אַהער... טרעף, פּייוול, ווער עס קומט...

### פייוול.

איך הויב ניט אָן צו וויסן, ווער דאַרף קומען...

### שיינע.

ווען דו זאָלסט וויסן, פייוול, ווער עס קומט,
וואָלסטו שוין אַזוי רויק ניט געשטאַנען,
דו וואָלסט באַ מיר געשפרונגען איצט פון פרייד.

### פייוול.

נו, צי ניט די נעשאָמע, זאָג שוין ווער.

### שיינע.

ניין, האָב געדולד. די פרייד איז שטענדיק גרעסער
ווען מע דערזעט זיך אומגעריכטערהייט.
(ווייזט אָן פייוולען אין אַ צווייטער זייט)

נו, מיילע, זע, ווער קומט דאָס אָן פון דאָרטן...
אַהינצו קוק — דו זעסט ניט, ווער עס גייט?

### פייוול.

איך זע ניט קיינעם... אַ, דו טרייבסט קאַטאָוועס.
(קערעוועט זיך אויס און דערזעט פלוצלינג לעקערטן)

אַך, הירשל! אָט אַ גאַסט! ווען קומסטו אָן?
וועלכער ווינט האָט דיך אַהער פאַרטראָגן?
וואָס מאַכסטו?



### לעקערט.

אָט, דו זעסט דאָך מיך: איך לעב,
און אַז מע לעבט, ווי זאָגט מען, גוטער־ברודער,
דערלעבט מען זיך.

### פייוול.

מע האָט דאָך שוין באַפרייט?

### לעקערט.

באַפרייט? אַ נאַר וואָלט איך געווען צו וואַרטן,
זיי זאָלן קומען זאָגן מיר: ביסט פריי.
ניין, גוטער־ברודער, האָט מען דיך געפּאַקט,
איז דאַרפסטו שוין ניט וואַרטן אָפּ קיין קאָוועד.
אַ גוטער פערד צערייסט אַליין די פענט,
אַ פוילער — וואַרט, מע זאָל זי אים צעבינדן.

### פייוול.

ביסט שוין ווידער דאָ... אַ ווילדע זאַך...
וואָס הערט זיך עפּעס דאָרט... אין יענע קאַנטן,
וואָס טוען דאָרטן אַרבעטער, דערציילן.

### לעקערט.

מע ליגט דאָרט אויך אין ד'ערד אַזוי ווי דאָ
ס'איז אומעטום דאָס זעלבע, וואָס אין ווילנע.

### פייוול.

דו ווייסט שוין־דען, וואָס טוט זיך דאָ אין ווילנע?

### לעקערט.

כ'האָב שוין געהערט, וואָס איר האָט אויסצושטיין
פון נייעם גובערנאַטער, פון פאָן־וואַלן.

### שיינע.

אַ נייער בעזעם, — וויל ער קערן ריין...

### לעקערט.

אַ נייעם בעזעם רייבט מען אָפּ די ריטער...

### פייוול.

מיר ווילן טאַקע, אַז דער ערשטער מײַ
זאָל הײַנטיקס יאָר אים כאַפּן אַ גוטן ברי טאָג

### לעקערט.

איר האָט באַשלאָסן שוין אַ דעמאָנסטראַציע?

### פייוול.

די פראַגע ווערט באַהאַנדלט נאָך דערווײַל.

### שיינע.

די גאַנצע מאַסע וויל אַ דעמאָנסטראַציע,
עס צווייפלט נאָר דערווײַל דער קאָמיטעט...



### פייוול.

נו, נו, מיר וועלן פאַר'ן ער צײַט ניט ריידן,
דער קאָמיטעט דאַרף זאָגן ערשט זיין וואָרט.

### שיינע.

ער וועט דאָס זאָגן דעמאָלט, ווען די מאַסע
וועט אָנהויבן צו שרײַען אַף אַ קאָל.
די מאַסע וועט אַ גוטן שטויס אים געבן,
וועט ער זיך דעמאָלט רירן פונעם אָרט.

### פייוול.

פארטרויסטו עפשער ניט דעם קאָמיטעט?

### שיינע.

כ'פאַרטרוי אים זייער גוט, דעם קאָמיטעט.
כ'פאַרטרוי ניט אָבער יענע, וועלכע צווייפלען
און שטעלן פאָרזיכטיקייט איבער אַלץ...
פאַראַן אַצינד אין „בונד” אַסאַך אַזעלכע,
דער גײַסט פון קאַמף האָט שוין זיך אויסגעוועפּט
אין זיי.
זיי וואָלטן וועלן אויסמײַדן געפאַרן,
זיי וואַקלען, ווי דער ווינט, אַף רעכטס און לינקס
און זוכן זיך ווו רויִקערס און שטילערס.

(טומל אין בירשענקל. עס לויפט אַרויס יאַנקל)

### יאַנקל.

עי, כעוורע, גיך אַהער, אַהערצו גיכער!
זיי זײַנען ווידער דאָ.

(פייוול לאָזט זיך גיין)

**לעקערט.**

וווּהין? ווער איז?

**שײנע.**

זובאַטאָווצעס! דו האָסט נאָך ניט געהערט?

**לעקערט.**

פֿאַראַן באַ אײַך דאָ אויך זובאַטאָוווס לײַט?

**שײנע.**

פֿאַראַן דאָ אַ פּאָלקאָווניק באָגאַליי,
אים ווילט זיך שאַפֿן אויך באַ אונדז אין ווילנע
אַן אומאָפּהענגיקע זובאַטאָווושע פּאַרטיי.

**לעקערט.**

איז קום, מע דאַרף זיי זעען.

(פּייוול און עטלעכע זובאַטאָווצעס גייען, קריגן זיך)

**שײנע.**

אָט גייען זיי אַליין...
און סאָניע שערעשעווסקי אויך מיט זיי, —
זי גייט זיך אָננעמען פֿאַר אירע לײַט...

**לעקערט.**

וואָס רעדסטו, שײנע? סאָניע איז מיט זיי?



**שײנע.**

געוואָרן זייער אָנפֿירערן דאָ.
די רעכטע האַנט פֿונעם פּאָלקאָווניק באָגאַליי.

**לעקערט.**

נאָר סאָניע קען ניט זײַן קיין פּראָוואָקאַטאָר!..

(וויל זיך לאָזן אַנטקעגן. שטעלט זיך אָפּ)

**שײנע.**

געלאָזט זיך אײַנריידן, אַז די אָכראַנקע
מיינט גוטס די אַרבעטער...

**סאָניע.**

(אויפֿן פֿאָדערשטן פּלאַן צו פּייוולען)

וואָלט איר גערעכט געווען — וואָלט איר גערעדט
ניט מיט פֿויסטן...

(דערזעט לעקערטן)

הירשל, ביסט דען דאָ?

(וויל זיך לאָזן צו לעקערטן. לעקערט שווײַגט
פֿאַרלוירן. שײנע באַזײַטיקט לעקערטן, שרײַט אויס)

**שײנע.**

מיר דאַרפֿן ניט קיין שוטפֿעסדיקע פֿרײַנט
מיטן זשאַנדאַרמישן פּאָלקאָווניק באָגאַליי!
קומט...

(אַלע הייבן אָן אַוועקגיין. לעקערט, נאָך אַ רעגע
וואַקלעניש, בלײַבט)

### לעקערט.

דו . . . און דער פּאָלקאָווניק באָגאַליי:

(סאָניע, וועלכע איז געשטאַנען גרייט פריינטלע צו באַגריסן זיך מיט לעקערטן, ענדערט זיך גלייך פּילנדיק, אַז לעקערט גיט איר ניט די האַנט)

### סאָניע.

פאַרוואָס ניט באָגאַליי, אויב ער איז אונדז אַ פריינט?

### לעקערט.

אַ פריינט פון אַרבעטער דערקענט מען נאָר אין קאַמפ,
און דו, — ווו האָסטו דאָס דערקענט אים פאַר אַ פריינט?

### סאָניע.

צו וואָס טויג קאַמפ, אויב קיינער שטערט אונדז ניט
דערשלאָגן, זיך אַ בעסער, גרינגער לעבן
אָפּ אַ געזעצלעכן און גלייכן וועג?

### לעקערט.

אַזעלכע דראָשעס האָב איך שוין געהערט!

### סאָניע.

נאָר הערן איז נאָך ווינציק. קום מיט מיר,
וועסטו אויך זען און וועסט זיך איבערצייגן,
ווי נוצלעך פאַר די אַרבעטער קען זיין
די אומאָפּהענגיקע פּאַרטיי.



### לעקערט.

ניין, מיך וועסטו ניט איבערצייגן קיינמאָל!
מיך וווּנדערט נאָר, ווי דו קאָנסט אין דעם גלויבן

### סאָניע.

פאַרוואָס?

### לעקערט.

א פּראָסטער סייכל! אַפּ דער וועלט
פאַראַן נאָר הונגעריקע און פאַראַן נאָר זאַטע, —
כ'האָב קיינמאָל ניט געזען, פון זינט איך לעב,
די זאַטע זאָלן אָפּגעבן פון זייערס.
זיי מאַכן איצט געזעצלעך אונדזער קאַמפּ —
זיי מיינען דאָ געוויס ניט אונדזער טויווע.

### סאָניע.

איז גלויבסטו, הירשל, אַז איך קען פאַראַטן?

### לעקערט.

נאָר לייכטזין איז ניט בעסער פון פאַראַט!

(פּאַוזע)

ווי לאַנג, אַז דו האָסט מיר געשריבן בריוו,
און יעדער בריוו געווען איז ווי אַ קנופּ,
וואָס האָט צוריק געצויגן מיך קיין ווילנע!

איך האָב אַזוי געריסן זיך פון ווײַט...
געבענקט נאָך אַ באַגעגעניש מיט דיר...
און איצטער שטייען מיר דאָ זאַלבאַנאַנד,
און דו ביסט איצט נאָך ווײַטער, ווי געווען...

(טוט אַ מאַך מיט דער האַנט. גייט אַוועק. סאָניע שטייט אַ רעגע פאַרלוירן, דערנאָך לאָזט זי זיך האַסטיק נאָך אים. עס שלײַכט ארויס טשעקין, פאַרשטעלט ווי אַ ייד... עס קומט אויך מאַלקע)

טשעקין.

וואָס זײַט איר, ווײַבעלע, געקומען זוכן?

מאַלקע.

איך זוך ניט. איך האָב דען געזאָגט: איך זוך?

טשעקין.

און אויב איר זוכט, איז וואָס־זשע זוכט איר דאָ?
אָט גייט אַרײַן אַהין, וועט איר געפינען...

(מאַלקע וויל גיין)

איר וועט אַרויסשיקן מיר עפשער מײַנעם אויך?

מאַלקע.

ווער איז דאָס אײַערער?

טשעקין.

ווער איז דאָס מײַנער?
אָט וועל איך אויסמאָלן, וועט איר דערקענען:



אַ הויכער מיט אַ לענגלעכן פּאָנעם... אָט...
אַ נײַער אַנצוג איז אַף אים... אַ נײַער...

מאַלקע.

גיי טרעף — אַ הויכער אין אַ נײַעם אָנצוג!
אָט ווייסט איר וואָס — גייט איר אַרײַן אַהין
און שיקט אַרויס מיר מײַנעם. ער איז אויך
אַ הויכער אין אַ נײַעם אָנצוג...

טשעקין.

אַ הויכער, אין אַ נײַעם... האָב איך אים געזען
נאָר־וואָס געשטאַנען...

מאַלקע.

וווּ איז ער געשטאַנען?

טשעקין.

אָט טאַקע דאָ, ער איז אַוועק אַהין.
ווי הייסט ער, אײַערער?

מאַלקע.

מע רופט אים? הירשל רופט מען אים.

טשעקין.

אַ שוסטער איז ער? איז געווען פאַרשיקט?

### מאַלקע.

געווען פאַרשיקט. איר קאָנט אים? קוים אַנטלאָפן,
אין שטוב זיך נאָך ניט אָנגעוואַרעמט...,
און גלייך אַהערצו אף דער בירזשע צו כאַווייִרים.
אין שטוב זיך נאָך ניט אָנגעוואַרעמט...

### טשעקין.

איז ער אַוועק אַהין...
גייט, גייט, איר וועט געפינען אים.

(מאַלקע אָפּ)

און טאָמער ניט, וועל איך אים שוין געפינען...

## דריטע סצענע

צימער באם פאָלקאָווניק באָגאַליי. עס קומט אַריין טשעקין. נעמט אַראָפּ די באָרד. טוט אויס די ברילן. באַקומט זיין עמעסן אויסזען — אַ שפּיק.

### באָגאַליי.

נו, טשעקין, וואָס פאַר נייס האָסטו געבראַכט?
וואָס טוט די שטאָט, ווי זעען אויס די גאסן
אין אָט די שיינע פייסעכדיקע טעג?..
געפעלט דיר, ווי עס קלינגען דאָ די גלעקער
אין דער פאַרוואָרפענער פאַרשטויבטער שטאָט!..
אין מאָסקווע, צי אין פעטערבורג אַצינדער,
די גלעקער דאָרט צעטרייסלען איצט די לופט,
עס שטייט אַזאַ געקלאַנג.. באָם-באָם... נו, טשעקין,
קיין פעטערבורג וואָלסטו געוואָלט?.. כ'ווייס, כ'ווייס,
עס ווילט זיך דיר קיין פעטערבורג, עס ווילט זיך...
נאָר האָב געדולד: מיר וועלן דאָרט נאָך זיין,
מע דאַרף נאָר וויסן, ווי אַהינצו קומען.
דו האַלט זיך פעסט פאַר מיר; וועט אַלץ זיין גוט, —
איך וועל אין פעטערבורג דיך ניט פאַרגעסן...
נאָר האָב געדולד... עס טויג ניט דער סאָלדאַט,
וואָס האָפט ניט זיין אַמאָל אַ גענעראַל.

טשעקין.

כ׳דאַנק אונטערטעניק, אייער וווילגעבורט.

באָגאַליי.

איז וואָס־זשע קאָנסטו אונדז אַצינד דערציילן,
וואָס האָסטו זיך דערוווּסט דאָרט?.. עי, איוואַן

(פּאוזע. קומט אַריין איוואן)

די באָרעשניע געקומען?

איוואַן.

נאָך ניט געקומען, אייער וווילגעבורט.

באָגאַליי.

נו, מאַרש!..

(צו טשעקינען)

איז וועלכע נייַס האָסטו געבראַכט?

טשעקין.

דער „בונד" האָט ווידער אונדזערע געשלאָגן,
ביז בלוט געשלאָגן אונדזערע...

באָגאַליי.

אַוועלכע אונדזערע?!



טשעקין.

אָט די... אָט יענע
פון אונדזער אומאָפּהענגיקער פּאַרטיי...

באָגאַליי.

טס, שווייג! איך האָב דיר וויפל מאָל געזאָגט,
דו זאָלסט ניט וואגן קיינמאָל הויך צו זאָגן:
„אונדזער אומאָפּהענגיקע פּאַרטיי"!

(פּאוזע)

ווער דאַרף דאָס וויסן, אונדזערע, צי ניט...
עס טאָר ניט קיינער זען דאָרט אונדזער האַנט!

טשעקין.

אנטשולדיקט, אייער וווילגעבורט.

באָגאַליי.

וואָס נאָך?

טשעקין.

אַפּ שאבּעס איז דאָרט אָפּגערעדט באַ זיי
פאַרזאַמלען זיך אין וואַלד, וואָס באַ זאַרעטשיע.

באָגאַליי.

(טראַכט)

און זאָלן זיי פאַרזאַמלען זיך... כ׳וועל זען,
ווי אָט די פּעטע פעל, דער פּאָליצמייסטער,

וועט ווייזן העלדישקייט אָן אונדזער הילף...
מיר וועלן זען, ווי ער וועט זיי פאַרהאַלטן...
אים כאַלעמט זיך דאָך שוין דער גרויסער דאַנק,
וואָס אים האָט צוגעזאָגט דער גובערנאַטער.
ווי מיינסטו, טשעקין, באַלד דערלאָזן מיר,
אַז ער זאָל גרינג אַזוי אַ דאַנק באַקומען?..
ווי דען, נים אַנדערש: מיר וועלן זיך מיען,
און עמצען וועט מען פאַר אונדז באַלוינען...

## טשעקין.

ניטאָ וואָס ריידן, אייער וווילגעבורט,
די פּאָליציי האָט שטענדיק ליב אַפּ גרייטן...
צום ביישפּיל, נעמען כאַטש אַ גאָרדאָוואָי,
ער שטייט זיך, ווי אַ פּאַס דאָרט אַפן ראָג,
און זאָל דאָס זען, און זאָל כאָטש עפּעס הערן...
און איך, צום ביישפּיל, אייער וווילגעבורט,
האָב אויסגעשפּירט אַ וויכטיקן פאַרברעכער,
און עפּשער קומט גאָר מיר דער ערשטער דאַנק...

## באָגאַליי.

נו, נו, וועסט ערגעץ אַנדערש זיך באַרימען!
איוואַן!

(פּאוזע. קומט אריין איוואַן)

געקומען שוין?..

(צו טשעקינען)

איך קאָן דיך גוט...



## איוואַן.

נאָך ניט געקומען, אייער וווילגעבורט.

## טשעקין.

אָט זעט אַליין... כ׳בין גרייט אַ צײלעם לייגן..

(דערלאנגט זיין ג׳טיצ־בי ל)

כ׳האָב אויסגעשפּירט... אָט זעט אַליין...

## באָגאַליי.

באַוויין

(לייענט, טשעקין זאָגט אונטער)

„אַן אַרבעטער... א שוסטער... הירשל לעקערט...
געווען פאַרשיקט...
פאַרווידערשטעלן זיך דער פּאָליציי”...

## טשעקין.

און איצט איז ער אַנטלאָפן...

## באָגאַליי.

...און איז דאָ?

## טשעקין.

אליין געזען אים מיט מיינע אויגן:
געווען צום אלעם ערשטן אפ דער בירזשע,

דערנאָכ אַוועק אַפ דער זאוואלנער גאַס,
דאָרט האָט ער יענע באַרעשניע באַגעגנט...
דיזעלבע, וועלכע איר דערוואַרט אצינד...

(עס קומט ארײַנ איוואנ)

איוואַנ.

דאָס מײדל, אײער ווילגעבורט, געקומענ...

באָגאַלײ.

פאַרבעט אהער!.. דו, טשעקינ, מאַרש אהינ!..
נאָר לאָז אימ ניט ארויס פונ אויג...

טשעקינ.

זײט זיכער,
ווהינ דער הונט וועט איצט זיכ ניט אַ דרײ טאָנ,
וועט ער בּאַ מיר ניט אויסמײדנ דעמ שטעקנ,

(אָפּ)

באָגאלײ.

(אלײנ)

איכ ווײס, איכ ווײס, אַז שלאָגנ אפנ גרײטנ
וועט העלדישקײט בּאַ אײכ בּא אלע קלעקנ...
אונ מיר וועט יעדער מאָל אלצ קלאָרער,
ווהינ עס הײבּט אָנ בּלאָזנ איצט דער ווינט:



וועסט אפ א שטעקנ ווײט איצט ניט פארפאָרנ,
אנ אנדער צוגאַנג פאָדערט זיכ אצינד.

(איוואנ אינ דער טיר. לאָזט ארײַנ סאָניען)

איכ האָבּ אפ אײכ געוואַרט... אונ לאנג געווארט...

סאָניע.

נאָר איכ האָבּ דאָכ קײנ בּיסל ניט פאַרשפּעטיקט
ווי איכ האָבּ אָפּגערעדט...

באָגאַלײ.

איז עפשער האָט
מײנ אומגעדולד די צײט מיר אויסגעצויגנ...
נו, זיצט. איכ האָבּ אײכ וויכטיקס צו דערצײלנ...
דער „בּונד" אונ פּ. ס. ד., איר ווײסט מיסטאָמ,
זײ גרײטנ דאָ אינ שטאָט צומ ערשטנ מײַ
א דעמאָנסטראַציע... דער גובּערנאַטאָר —
נאָר אײכ פאַרטרוי איכ דאָס — זײנ מײנונג איז:
זאָל פאָרקומענ די דעמאָנסטראַציע,
ניט שטערנ איר... נײנ...

סאָניע.

וואָס בּאַטײט דאָס? זאָגט!

באָגאַלײ.

קעדײ דערנאָכדעמ... נו, פאַרשטײט אַלײנ..
קעדײ דערנאָכדעמ קאָנענ זי צעטרײבּנ.

סאָניע.

א פראָוואָקאַציע ?

באָגאַליי.

דער פּאָליציי
איז אָפּגעגעבנ א באַפעל זיינ גרייט,
אונ ס'איז איר צוגעזאָגט א דאַנק אַפּילע.

סאָניע.

אַ פראָוואָקאַציע ? ! וואָס דאַרפנ מיר איצט טאָנ ?

באָגאַליי.

מיט אלע מיטלענ וואָרענענ, דערקלערנ
אונ אופדעקנ די ארבעטער די אויגנ...
איצט קאָנ די אומאָפּהענגיקע פּאַרטיי
אינ אירע הענט פאַרכאַפּנ די באַוועגונג...

סאָניע.

נאָר קיינער גלויבט ניט... קיינער וויל ניט גלויבנ
אינ א לעגאַלער ארבעטער־באַוועגונג...
ס'איז שווער אזוי... שווער דורכצוברעכנ
די וואַנט פונ האס אונ אומצוטרוי
צו אַלצ... וואָס טראָגט אזא מונדיר...
אזויפיל אומצוטרוי...
אז מיכ אַפּילע האָט געטאָנ א וואקל...



באָגאַליי.

איר זייט היינט שלעכט געשטימט...
(שמייכלט)

סאָניע.

ניט שפּאַסט, ניט שפּאַסט !
מיר גייט ניט אָפּ אצינד קיינ שפּאַס...

באַגאַליי.

איכ זאָג אָנ שפּאַס : איר זייט היינט שלעכט געשטימט,
איר ווילט, האָב איכ דערופּ געוואַרט אַפּילע...

סאָניע.

איכ ווייס ניט, וועלכנ גרונט האָט איר געהאַט.

באָגאַליי.

אָט זעט איר דאָכ, איכ האָב געהאַט א גרונט.
איכ ווייס, אז גאָרניט לאַנג... דיזעלבע שאָענ,
ווענ איכ האָב דאָ אפּ אייכ אזוי געוואַרט...
האָט איר געהאַט א גאַסט... אנ אומגעריכטנ.

סאָניע.

(טוט זיכ א הויב פונ אָרט)

אַנ אומגעריכטנ גאַסט ?..
אונ אייכ איז שוינ באַוווּסט ?..

באַגאַליי.

נו, נו, ניט בייזערט זיך... ניט בייזערט זיך...
מיך צווינגען מיינע פליכטן, איך זאָל וויסן,
ווען אומגעבעטן קומט אין שטאָט א מענטש,
וואָס איז געווען אַרויסגעשיקט פונדאַנען...

סאָניע.

האָט איר אים אַרעסטירט?

באַגאַליי.

ניין... ניין...
אַן אַרבעטער איז ער... א פּראָסטער מענטש...
איך גלויב, ער קאָן אונדז איצטער זיין א פריינט...

סאָניע.

נו, זייט איר בעסער ווי איך טראַכט אַמאָל...

באַגאַליי.

איך ווייס, אויך אייַך איז שווער זיך צו באַפרייַען,
פון אומצוטרוי... צו מיר... צו אונדז... נאָר זאָגט!
עס זייַנען ווינציק דען פאַראַן אַזעלכע,
וואָס זייַנען שטענדיק גרייט פאַר געלט צו דינען,



אויב איך וואָלט נאָר באַדאַרפט פאַראַט — און גאָר...
ניין, פרייַנטשאַפט וויל איך, פרייַנטשאַפט לייג איך פאָר.

סאָניע.

ניין, ניין... איר האָט פאַר מיר זיך ניט באַהאַלטן,
באַוויזן זיך אַזעלכער, ווי איר זייַט —
איך גלויב אייַך איצטער אויך, ווי כ'האָב געגלויבט...

(פּאַוזע. כאַפּט זיך פּלוצים אום אין גרויס אופרע-
גונג, קוקט זיך איַין אין אים)

נאָר שלעכט וועט זייַן, אויב נאָר איר זייַט ניט דער,
פאַר וועלכן איך האָב אייַך פאַרעכנט...
מייַן קאָפּ איז דעמאָלט מיר ניט טייַער...

(טרעט אָפּ צו דער טיר).

באַגאַליי.

מייַן פרייַנט. באַרויִקט זיך... באַרויִקט זיך...
אויב איר וועט ווען עס איז זיך איבערצייַגן,
אַז איר זייַט אָפּגענאַרט...

(גיט איר זיין רעוואָלווער)

אָט נעמט, באַהאַלט...
מייַן קאָפּ זאָל דעמאָלט אייַך אַן ענטפער געבן...
נעמט... נעמט, באַהאַלט!..

## פערטע סצענע

(טאָג פֿאַר נאַכט. אַ װינקל אין פּאַרק, װוּ די בײַזשעס. אַ גאָראָדאָװױ דרייט זיך אַרום. עס קומט אַ צװייטער גאָראָדאָװױ מיט אַ קלעפּער)

**צווייטער גאָראַדאָוואָי.**

אָט דאָ קלעפּ אָן.

(קלעפּער קלעפּט)

**ערשטער גאָראַדאָוואָי.**

(אָנװײַזנדיק אויפֿן פּאַרק, װוּ די בײַזשעס)

אַהינצו גיי קלעפּ אָן,
אָט דאָרט איז סאַמע זייער אָרט, אָט דאָרט
פאַרזאַמלען זיי זיך טאָג און נאַכט אָן אויפהער.

**קלעפּער.**

קלעפּ יאָ, קלעפּ ניט — עס וועט שוין גאָרניט העלפן.

**צווייטער גאָראַדאָוואָי.**

נו, דו ניט רייד אַ סך, קלעפּ!

**ערשטער גאָראַדאָוואָי.**

קלעפּ, קלעפּ. ניט רייד!



**קלעפּער.**

ביז מאָרגן וועט קיין איינציקס ניט פאַרבלייבן.
קלעפּ יאָ, קלעפּ ניט...

(גייען אַריבער קלעפּן אויף אַן אַנדער אָרט. מאָטל
עסרעג רוקט זיך אַרויס פון דער טיר פון זיין
קראָם. נאָך אים בערל שניידער)

**שניידער.**

רעב מאָטל, קומט אַ לייען טאָן וואָס פאַר נייס...

(אַ יינגל קומט צו לויפן. שפרינגט אַרויס פאַר
עסרעגן און שניידערן, ווי ער וואָלט בײַ זיי אויס-
געכאַפּט. לייענט הויך און פריילעך)

**יינגל.**

„באַפעל פון ווילנער גובערנאַטאָר"... הערט!..

(לייענט לאַנגזאַם)

„צו מיר דערגייען אומ־רו־יקע קלאַנ־גען
פאַרברעכערשע פער־זאָ־נען גרייטנ־צו
אַן אום־גע־זעצ־לעכע אַר־ויס־טרעטונג
אין שטאָט"...

**עסרעג.**

(שטויסט אָפּ דאָס יינגל)

אַוועק! וואָס זאָגט איר אָפּן לייענער!..

(לייענט אַליין)

„איך וואָרן אַלע איינוווינער פון שטאָט"...

## יינגל.

די שווערסטע ווערטער האָב איך דורכגעלייענט,
אונ איצט איז ער אַ קלוגער — ס'לייענט זיכ גרינג...

## שניידער.

שאַ — שאַ! אַוועק! לאָז אויסהערנ אַ וואָרט!

## עסרעג.

(לייענט)

„די שטאָט אַז אויסעראָרדנטלעכנ צושטאַנד",

(צו שניידערנ)

ווי דענ, איכ האָב געוווּסט, אַז דאָס וועט זייַנ.

## שניידער.

לייענט, לייענט, וואָס שטייט דאָרט נאָכ.

## עסרעג

„די טויערנ באַדאַרפנ זייַנ פאַרשפאַרט.
די מינדסטע אומרוענ וועל איכ דערשטיקנ".

(צו שניידערנ)

זיי וועלנ זיכ דערשפּילנ סאָפּקאָלסאָפּ.
אָט שטייט בעפיירעש דאָ, אָט טוט אַ קוק:
„די שולדיקע וועל איכ באַשטראָפנ שטרענג".



## שניידער.

אוי־וואַ! אַזאַ באַפעל נאָכ קיינמאָל ניט געווענ!

## עסרעג.

ווי דענ, איר מיינט, מע וועט קאַטאָוועס טרייבנ?
ס'איז טאַקע דאָכ אַנ אומדערהערטע זאַכ!
אַז שקאָצים: יינגלעכ, מיידלעכ, טאָג ווי נאַכט
זיי קלייבנ זיכ צונויפ דאָ פראַנק אונ פרייַ
אונ ווילנ איבעראַנדערשנ די וועלט!

## 1־טער גאָראָדאָוואָי.

אַוועק! אַוועק! צעגייט זיכ...

## עסרעג.

קומט אַוועק!
קיינ יידנ זאָל כאָלילע נאָר ניט שאַטנ...

(פונעמ פאַרק גייענ אַרויס אַרבעטער, קלייבנ זיכ
רעדלעכווייז בײַ די פאַנאַנערגעקלעפּטע באַפעלנ)

## שניידער.

איר מיינט אַוואַדע, זיי דערשרעקנ זיכ?
אָט טוט אַ קוק, איר האָט זיי דאָ שוינ אַלע!

(אַרבעטער בײַ די באַפעלנ)

## זילבערשטיינ.

דער גרעסטער טאָעס וואָלט געווענ אַצינד
די מאַסנ רופנ צו אַ דעמאָנסטראַציע.

### שיינע.

דערפֿאַר ווײַל איר און עפּשער נאָך אַזעלכע
דערשרעקן זיך פֿאַר יעדערן באַפֿעל...
נאָר די באַוועגונג קאָן ניט בלײַבן אייביק
באַהאַלטן און דערשטיקט אונטער דער ערד,—
מיר וועלן קיינמאָל דאָך אַזוי ניט וואַקסן!

### לעקערט.

מיר מוזן ענטפֿערן אַף דעם באַפֿעל.
דער בעסטער ענטפֿער איז — אַ דעמאָנסטראַציע.

### זילבערשטיין.

מיר האָבן ניט קיין קויעך דאָס צו טאָן,
מיר זײַנען אָפּגעשוואַכט פֿון די אַרעסטן,
גענוג, אַז הײַיאָר זאָל דער ערשטער מײַ
באַ אונדז געפֿײַערט ווערן נאָר דורך שטרייקן.

### פּייוול.

אַ שטרײַק וועט דורכגיין שטיל און ניט באַמערקט,—
די פּאָליציי וועט האָבן רעכט צו מיינען,
אַז אונדז האָט אָפּגעשראָקן איר באַפֿעל.

### לעקערט.

אַ שטרײַק — דאָס איז אַ וואָכעדיקע זאַך.
און איך האָב ליב, אַז קאַמף זאָל זײַן אַ יאָנטעוו.



### זילבערשטיין.

נאָר דאָס איז אַ פֿאַרברעכן פֿאַר דער מאַסע —
זי פֿירן אַף אומזיסטיקע קאָרבאָנעס.

### שיינע

קאָרבאָנעס טראָגן מיר דאָך יעדן טאָג,
נאָר דאָס שטעלט אונדז ניט אָפּ פֿון קעמפֿן ווײַטער.
ניט יעדער קאָרבן פֿירט אונדז גלײַך צום זיג,
נאָר יעדער קאָרבן אונדזער זיג דערנענטערט.
דאָס הויבט אוף נײַע אַרבעטער צום קאַמף,
דאָס ברייטערט און מאַכט שטאַרקער די באַוועגונג.

### זילבערשטיין.

נאָר דאָס וועט זײַן אַ שריט אַ ניט-באַטראַכטער.

### שיינע.

ניין, דאָס וועט זײַן אַ שריט אַן אומדערוואַרטער:
אינמיטן גאַס, אינמיטן העלן טאָג —
אַ כוואַליע פֿון אַ טויזנטיקער מאַסע,
און מיר צעוויקלען דאָ די רויטע פֿאָן,
זי ברענט און בלענדט די אויגן און זי פֿלאַטערט...
איין גוטע דעמאָנסטראַציע אַזאַ
איז מערער איידער אַלע שטילע שטרײַקן!

(אַ רעדל אַרבעטער רעאַגירט מיט באַוועגונגען אַף שיינעס ווערטער)

### זילבערשטיין.

(פאַרלוירן)

ס'הייסט — אונטערשטעלן אַ געזונטן קאָפּ
פאַר גרייטע קלעפּ... פאָנ־וואַל וועט זייַן צופרידן:
ער דאַרף מער ניט, ער קוקט דערויף אַרויס.
נאָר פרעגט אַפּריר די מאַסע, צי זי וויל דאָס?

### גאָראָדאָוואָי.

אַוועק! אַוועק! אַוועק! אַידאַ! צעגייט זיך!

### שניידער.

וואָס איז שוין דאָרטן פאַר אַן אָנגעלאָף?

### עסרעג.

מע לויפט! מע לויפט!

(עס לויפן דורך אַרבעטער, קוילעס)

### יינגל.

(לויפט)

מע טרייבט די בירזשע! מע טרייבט די בירזשע!

(רייסט אַראָפּ די סאָנאָנרערגעקלעפּטע באַמעלן)

### שניידער.

איר הערט! איר הערט!
די בירזשע זייערע צעטרייבט מען...



### עסרעג.

(אָפּטרעטנדיק)

גוט,
ס'זאָל נאָר זיך אויסלאָזן צו זייער קאָפּ,
עס זאָל קיין יידן נאָר ניט שאַטן, גאָט!

(אָפּ. עס לויפן דורך עטלעכע אַרבעטער)

### 1־טער אַרבעטער.

מע טאָר ניט שווייגן!

### 2־טער אַרבעטער.

באַווייזן, אַז מע קאָן אונדז ניט דערשרעקן!

### 3־טער אַרבעטער.

אַ דעמאָנסטראַציע דעם ערשטן מײַ!

(אָפּגעריסענע געשרייען. פוסט. עס קומען צוריק
דער גאָראָדאָוואָי מיטן קלעפּער)

### גאָראָדאָוואָי.

אַראָפּגעריסן שוין. קלעפּ ווידער אָן!

### קלעפּער.

(קלעפּט)

קלעפּ יאָ קלעפּ ניט, עס וועט שוין גאָרניט העלפן.

**גאָראַדאָוואַי.**

ניט רייד! ניט רייד! מע הייסט דיר, הער און קלעפּ!

**קלעפּער.**

ניט דאָ, איז וועלן זיי אַן אַנדער אָרט געפינען —
קלעפּ יאָ, קלעפּ ניט!

פּאַרהאַנג

## צווייטער אקט

## ערשטע סצענע

פאַנ-וואלס קאַבינעט. פאַנ-וואַל פאַרטיפט אינ פאַפּירנ, קלייבט לאַנגזאַם איבער. אַדיוטאַנט וואַרט.

### פאַנ-וואַל.

נו, זאָל אַריינגיינ דער זשידאָווסקי ראַבינ.

### אַדיוטאַנט

כ'הער, אַייער עקסצעלענצ.

(אָפּ)

### פאַנ-וואל

(אליינ. אופגעריסנ אַ פּאַקעט, שפּרינגט אופ אנ אופגעבראַכטער)

פאַרשאָלטענע זשידאָווסקע שטאָט!
די שטרענגסטע מיטלענ שרעקנ זיי ניט אָפּ.
עס העלפט ניט אויסעראָרדנטלעכער צושטאַנד,
כאָטש רופ דעמ ראַבינ זייערנ צו הילפ.

(אַדיוטאַנט באַ דער טיר לאָזט דורכ דעמ ראָוו.
פאַנ-וואַל הויבט זיכ אופ צאָרנדיק קעגנ אימ).

### פאַנ-וואַל.

איכ האָב גערופנ אייכ אהער, קעדיי
מיינ גרויסע אומצופרידנקייט אייכ מעלדנ...

צי שפּירט איר נאָך גענוג נאָך אייער יוגנט,
צי ווייסט איר, וועלכע פלענער זי פאַרטראַכט?

## ראָוו.

אַ וועלכער מענטש און וועלכער ייד באַזונדערס
אַפ גוטע קינדער בעט ניט יעדן טאָג?
נאָר ווער קאָן נאָכשפּירן נאָך די מאַכשאָווְעס
אַפילע באַ זיין אייגן קינד אין האַרץ?

## פאָנ־וואַל.

איר האַלט ניט איין גענוג די יונגע יידן,
איר גיט אַפ זיי ניט אַכטונג, ווי געהעריק!
איצט גרייטן זיך די יידן אייערע
אַרויסצוטרעטן אָפן קעגן קייסער...
איך דאַרף אייך וואָרענען, און איר פון זיך
דאַרפט וואָרענען און אָנזאָגן די יידן:
די שולדיקע דערוואַרט אַ שטרענגע שטראָף,
און זייער שולד וועט זיין, אויב ס'וועט דער צאָרן
זיך אויסלאָזן אַפ אייער גאַנצן קאָהאָל!

## ראָיו.

אין יעדער סטאַדע, אייער עקסעלענץ,
זיינען פאַראַן פאַרשיידנערליי שאָף:
די יידן, וועלכע זיינען גרייט מיך פאָלגן,
זיי זיינען גרייט נאָך גיכער פאָלגן אייך.
זיי זיינען טריי דעם אויבערשטן אין הימל,
זיי זיינען טריי דעם קייסער אַפ דער ערד.



נאָר קאָן מען דען באַשולדיקן אַ קאָהאָל
פאַר יענע יידן, וועלכע פאָלגן ניט?..

## פאָנ־וואַל.

עס איז דער גאַנצער וועלט באַוווסט, ווי שטאַרק
די יידן זיינען צווישן זיך פאַרבונדן,
און אויסער דעם האָט יעדערער פון זיי
אַ טאַטן און אַ מאַמען, שוועסטער, ברידער.
די עלטערע זיינען מעכויעוו ווירקן
און אָפּהאַלטן די יינגערע פון שלעכטס.

## ראָוו.

געוויס האָט יעדערער פון זיי אַ טאַטן
און אויך א מאַמע...
און ווער עס האָט אַ ווייב...
אַפ די נעפאַשעס טוט שטאַרק ווי דאָס האַרץ,
זיי ליידן, נעבעך, ניט פאַר זייער שולד.
וואָס גייט דען אָפ אַזעלכע העפקער־יונגען,
וואָס האָבן אויסגעטאָן זיך פון קלאַל!..
פאַר גאָט קיין מוירע האָבן זיי דאָך ניט,
פאַר לייטן איז ניטאָ קיין דערעכערעץ...
זיי טוען אָפ זיך רויק זייער זאַך
און ווילן קיינעמס טאַכלעס ניט באַזאָרגן,
ווייל סכאקל איז די שטראָף זיי ניט קיין שטראָף:
איר וועט זיי אַרעסטירן — אַרט זיי ניט;
איר וועט פאַרשיקן זיי — איז זיי ניט שלעכט;

זיי ווערן דעמאָלט פריי פון יעדער זאָרג
און וואַרפן גאָר אַראָפּ שוין אַלע אָלן.
(פאַן - וואַל מיט נייגיריקייט הערט זיך איין. פּאַוזע)

### פאָן - וואַל.

איך הער אייך גערן, זייער גערן, רעדט!

### ראָוו.

(דרייסטער)

אַזעלכע דאַרף מען אָנלערנען גאָר אַנדערש:
געכאַפּט אַזאַ מין אויסוואורף, אַ יונגאַטש —
און אָפּגעשמיסן!.. ער זאָל לאַנג געדענקען...
ניטאָ קיין בעסער מיטל איידער שמיץ!

### פאָן - וואַל.

און דאָס וועט העלפן?

### ראָוו.

(נאָך דרייסטער)

אַי, וואָלט דאָס געהאָלפן!..
ווייל מע שמייסט אין הינטן, קריכט אין קאָפּ...
(פּאַוזע)

ס'וואָלט יעדער פון זיי פאַרזאָגט אַ צענטן.
און יעדער טאַטע וואָלט געזאָגט א דאַנק,
און מאַמעס וואָלטן זיי פאַרשפּאָרט באַוויינען.
(אַדיוטאַנט קומט אַריין)



### אַדיוטאַנט.

פּאָלקאָווניק באָגאַליי...

### פאָן - וואַל.

פאַרבעט אַהער.
(צום ראָוו.)

איך האָב אייך גערן אויסגעהערט. אַדיע.
(דער ראָוו לאַנגזאַם אָפּ. עס קומט אַריין באָגאַליי)

### באָגאַליי.

דערלויבט צו מעלדן, אייער עקסצעלענץ,
פאַראַן יעדיעס פון אַ פעסטן קוואַל:
די אַרבעטער... זיי האָבן אַפן ערשטן מײַ
באַשטימט אַרויסצוטרעטן אין די גאַסן...

### פאָן - וואַל.

פאַרווערן! ניט דערלאָזן! האַלטן גרייט
קאָזאַקן, פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע!

### באָגאַליי.

פאַראַן יעדיעס, אייער עקסצעלענץ,
זיי האָבן אָפּגעהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג
דעם לעצטן שאַבעס אין זאַרעטשיער וואַלד.

### פאָן - וואַל.

ווער האָט דערלאָזט דידאָזיקע פאַרזאַמלונג?

### באָגאַליי.

איך האָב באַצייטנס, אייער עקסצעלענץ,
דער פּאָליציי דערפון געלאָזט צו וויסן.

### פאָן וואַל.

און זי איז באַלד געקומען אַפן אָרט ?

### באָגאַליי.

צו שפּעט, ווען אַלץ איז שוין געווען פאַרענדיקט.

### פאָן - וואַל.

צו שפּעט ! וואָס איז דאָס פאַר אַ פּאָליציי,
וואָס זי פאַרשפּעטיקט אומעטום און שטענדיק ! !

### באָגאַליי.

אַפ דער פאַרזאַמלונג, אייער עקסצעלענץ,
איז אָנגענומען אַ באַשלוס :
אַרויסטרעטן דעם ערשטן מיי
מיט רויטע פאָנען איבער אַלע גאַסן...
אַ מאַן דרייהונדערט זיינען דאָרט געווען.

### פאָן - וואַל.

אַלץ זשידעס ?

### באָגאַליי.

יאָ, מער יידן, אַרבעטער.



### פאָן - וואַל.

און דורכגעלאָזט און קיינעם ניט פאַרהאַלטן !
(אופגעבראַכט)

דעם פּאָליצמייסטער די מינוט אַהער !
(אדיוטאַנט וואַרפט זיך צו דער טיר)

### אדיוטאנט.

זיי וואַרטן שוין דאָרט, אייער עקסצעלענץ !
(צעעפנט די טיר. עס קומט אריין נאזימאָוו)

### פאָן - וואַל.

אַן אומדערהערטע זאַך, הער פּאָליצמייסטער !
עס קומען פאָר פאַרזאַמלונגען פאַרווערטע
אונטער דער נאָז בּאַ אייער פּאָליציי...
איר הערט ניט און איר זעט ניט, איר פאַרשפּעטיקט...

### נאזימאָוו.

אנטשולדיקט, אייער עקסצעלענץ...

### פ[illegible]נ - וואַל.

ניין, שווייגט !
איר האָט געקענט ארומרינגלען דעם וואַלד,
איר האָט געקענט דרייהונדערט מאַן פאַרכאַפּן...
געוויס זיינען געווען דאָרט צווישן זיי
אזעלכע אויך, נאָך וועלכע ס'בענקט די טליע.

### נאַזימאָוו.

אָנטשולדיקט . . .

### פאָנ - וואַל.

שווייגט ! . . פאָלקאָווניק, איר דערציילט,
ווער זיינען זיי, די אונטערהעצער דאָ ?
ווער וויל דאָס שטאַרק אַזוי א דעמאָנסטראַציע ?

### כאָגאַליי.

מיט יעדן טאָג אַלץ מער פאַרדעכטיק ווערן
די ארבעטער . . . די יידישע באַזונדערס . . .
ס'האָט ווידער אופגעלעבט דאָ זייער „בונד";
זיין האַנט איז אומעטום און שטענדיק גרייט
זיך אונטערלייגן מיט א שוועבעלע
צו אלץ, וואָס קאָן זיך אָנצינדן און ברענען.
ווו ערגעץ א פאַבריק, צי א וואַרשטאַט,
פאַרשפרייט דער „בונד" דאָרט זיינע פראָקלאַמאַציעס...
נאָר וואָס וואַרשטאַטן, אייער עקסצעלענץ, —
די גאַס אפילע ווערט שוין אויך פאַרפלייצט
מיט זייערע פאַרווערטע פראָקלאַמאַציעס.

### פאַנ - וואַל.

ניט נאָר די גאַס. אַ שאַנד אַזאַ, פאָל אָווניק !
אין פאָסט - קעסטל, וואָס הענגט דאָ אַף מיין טיר,
געפינט מען אויך... אָט זעט !.. די עקלהאפטע בלעטלעך,
און קיינעם נאָך ביז איצטער ניט געכאַפּט,
און קיינעם ניט פאַרהאַלטן . . . פאָליצמייסטער !



וואָס זיינען זיי, מאַלאָכים, אָדער שיידים ?
וואָס איז דאָס פאַר אַ פאָליציי באַ אייך ? . .

### נאַזימאָוו.

אנטשולדיקט, אייער עקסצעלענץ !

### פאָנ - וואַל.

ניין, שווייגט !
מיט אונטערהעצער איז פארפולט די שטאָט,
וואָס טוען פריי און אָפן זייער אַרבעט,
זיי דרוקן און פאַרשפרייטן פראָקלאַמאַציעס,
פאַרזאַמלען זיך אין מיטן העלן טאָג
און גרייטן צו קראַמאָלנע דעמאָנסטראַציעס.
זיי מוזן זיין באַוווסט דער גאַנצער שטאָט,
און קליינע קינדער דאַרפן אויך זיי קאָנען —
עס ווייסט נאָר ניט פון זיי . . . די פאָליציי !

### נאַזימאָוו.

אַנטשולדיקט, אייער עקסצעלענץ, מיר האָבן
צו שפעט באַקומען פון זשאַנדאַרמען - טייל
די אָנווייזונגען וועגן דער פאַרזאַמלונג.

### פאָנ - וואַל

צו שפעט ! צו שפעט ! איר ביידע זאָגט — צו שפעט!
איז ווער פון אייך האָט סאָפּקאָלסאָפּ פאַרשפעטיקט ? !
איר זייט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אייער פאָליציי . . .
און אייך איז אָנגעטרויט די זשאַנדאַרמעריע.

די שזאַנדאַרמעריע און די פּאָליציי —
זיי זיינען דאָך צוויי זייַלן פון איין ביניען,
זיי דאַרפן זיין צוויי קלעמלעך פון איין צוואַנג;
איין האַנט, איין ווילן האַלט די ביידע קלעמלעך,
און ביידע דאַרפן קוועטשן מיט איין קראַפט;
עס טאָר ניט ווערן אָפּגעשוואַכט איין קלעמל,
ווייל דעמאָלט איז די צוואַנג שוין ניט קיין צוואַנג,
צי דער, צי דער — נאָר איינער האָט פאַרשפּעטיקט,
נאָר איינער האָט ניט אויסגעפילט זיין פליכט
און אָפּגעשוואַכט דעם דרוק פון ביידע קלעמלעך...
איצט קאָנט איר ביידע גיין... ניין, ביידע וואַרט!
עס טאָר ניט פאָרקומען די דעמאָנסטראַציע...
דערשטיקן! אָפּהאַקן דעם מינדסטן פּרווו!
איז גיים און טייקעף נעמט אָן שטרענגע מיטלען
און גרייט זיך צו צו זייער ערשטן מיי.

(מיד. קערעוועס זיך אַפּ. פאַרלאָזט דעם קאַבינעט
איינער נאָכן אַנדערן גייען צו דער טיר באָגאָליי
און נאַזימאָוו, אדיוטאנט אליין)

## אדיוטאנט.

נו, האָט ער זיי אריינגעטיילט אַביסל!
זיי וועלן ביידע דאָס געדענקען לאַנג...
אַ פאַכדן און א קאַריעריסט א מיעסער...
און דאָס זיינען די קלעמלעך פון דער צוואַנג...



# צווייטע סצענע

גאַס אין ווילנע. די קראָמען פאַרמאַכט. די טויערן געשלאָסן. פּוסט. יאַנקל און דאָס יינגל ווילן דורכגיין דורך א טויער. דער וועכטער פאַרצוימט זיי מיט א פלאָקן דעם וועג.

## וועכטער.

גייט, גייט, מע זאָגט אייך — היינט איז ניט באַפוילן
אייך דורכצולאָזן דאָ... גייט, גייט...

## יאַנקל.

אָט נאַ, אָט האָסטו, אָפּגעזאָגט א מעמרע —
און גיי און טו אים עפּעס... נו, לאָז דורך!

## וועכטער.

איר זייט שוין דאָ געגוג זיך אָנגעגאַנגען —
ניטאָ דאָ מער קיין וועג פאַר אייך!

## יינגל

לאָז דורך,
מיר דאַרפן דורכגיין אַפּ דער דייטשער גאַס.

## וועכטער.

מע זאָגט דאָך דיר, אז היינט איז ניט באַפוילן
אייך דורכצולאָזן אַפּ דער דייטשער גאַס.

מע האָט דאָרט אייער דעמאָנסטראַציע אָפּגעשאַפּט

(קומט צו לויפן א יידענע, כאַפּט דאָס יינגל, שלעפּט אים פונעם טויער)

## יידענע.

אַהיים! אהיים! זאָלסט באלד מיר גיין אהיים!

## יינגל.

און צו דער דעמאָנסטראַציע — דו ווערסט גיין פאר מיר?

## יידענע.

וואָס זאָגט איר, ווער עס גייט אפּ דעמאָנסטראַציעס!
גוואַלד, גאָט! פאַרוואָס קומט דאַפּקע מיר אזא
מינ קינד?

## יאַנקל.

(רייסט באַ איר ארויס דאָס יינגל)

וואָס האָט איר זיך צעיאַכמערט? זאָל ער גיין

## יידענע.

אוועק! אוועק! וואָס שלעפּסטו אים אהינ,
פונוואַנען ווערסט דער ערשטער דאָך אנטלויפן?

## יאַנקל.

אָט נאַ, אָט האָסטו, אָפּגעזאָגט א מעמרע —
ווער, איך אנטלויפן וועל?

(צום יינגל)



וואָס הערסטו? קום!

(גייען דורך שנעל פאַרביי דעם וועכטער. די יידענע וואַרפט זיך נאָך זיי מיט געשריי: „ניט גייט, ניט גייט“. דער וועכטער פאַרשטעלט איר דעם וועג)

## וועכטער.

צוריק! צוריק!
מע זאָגט דאָך דיר, אז היינט איז ניט באַפוילן
אייך דורכצולאָזן אפּ דער דייטשער גאַס, —
מע האָט דאָרט אייער דעמאָנסטראַציע אָפּגעשאַפּט.

(שטויסט די יידענע אלץ ווייטער. עס קומען אָן לעקערט פון איין זייט, פייוול פון א צווייטער)

## לעקערט.

אַ, פייוול! נו, וואָס הערט זיך אפּ דער גאַס?

## פייוול.

עס הערט זיך גוט. מיר וועלן, הירשל, באַלד
אזא מינ דעמאָנסטראַציע פאַרגעבן,
אז סאָנים וועלן קריצן מיט די ציינ...
נעם זע, וואָס פאַר א פיינע פראָקלאַמאַציע
מיר וועלן באַלד פאַרשפּרייטן אומעטום...
א פרישינקע, ערשט פונעם פרעס ארויס.

(ביידע לייענען)

עס ווערט דאָ גוט ארייינגעזאָגט פאָנ־וואַלן,
ער וועט דאָס לייענען און וועט שפּרינגען פון דער הויט.

לעקערט.

אַי, גוט געזאָגט! אַי, גוט אריינגעזאָגט!
דאָס איבערלייענען — קאָן מען קליגער ווערן.

פייוול.

און פיין באַשריבן דעם פאָלקאָווניק באָגאַליי
צוזאַמען מיט זיין סאָניע שערעשעווסקי,
זי זאָל זיך שעמען כאָטש ארויסצוגיין אין גאַס...

לעקערט.

איר אויך! איר אויך! געלאָזט פאַרפירן זי...
וואָלט מען געוואָלט, וואָלט איר געקאָנט פארהיטן
זי זאָל ניט ווערן בלינד פאַרפירט.

פייוול.

פארפירט! פארפירט!
מיסטאַם האָט מען זי קינדווייז שטאַרק געפעסטעט
דערפאַר איז איצט גרינג זי צו פאַרפירן.
אָט פרווו פאַרפירן שיינען, וועסטו זען...

לעקערט.

ווו איז אצינד שיינע?

פייוול.

לויפט ארום
און גרייט דעם אוילעם צו דער דעמאָנסטראַציע.



אוועק אצינד צו מאָטל עסרעג אין וואַרשטאַט.
וואָס האָסטו וואָס צו קלערן — שיינע איז א יאַט!

לעקערט.

מע קאָן ניט איינע מיט די אנדערער פאַרגלייכן...
אָט: סאָניע!.. כ׳ האָב ניט אזא וואָרט...
איך וואָלט מיט סאָניען דאָך געוואָלט זיך זען
כאָטש נאָכאמאָל מיט איר זיך דורכריידן.

פייוול.

ניטאָ מיט איר שוין וואָס צו ריידן מער,
קומ ערגעץ אַנדערש רייד... אין יעדן קרייזל
איז נוצלעך איצט אן איבעריקער מענטש...

לעקערט.

וואָס קאָן איך דאָרט ריידן... ווייסט דאָך וויל,
אז ריידן בין איך טעמפּיק אפן צונג —
אָט זאָלן ריידן אנדערע... און איך,
אויב מע וועט דאַרפן מיך און מיינע הענט
און מיינע פויסטן — בין איך שטענדיק דאָ.

(טומל. עס באווייזט זיך מאָטל עסרעג, וועלכער שלעפּט נאָך זיך שיינען. זילבערשטיין גייט נאָך א הילפלאָזער, פארלוירענער)

עסרעג.

קום, קום, אָט רופ איך באַלד א גאָרדאָוואָי,
וועט זיין א וויסטע קלאָג צו דיינע יאָרן...

## זילבערשטיין.

(פרוווט ארויסרייסן שיינען)

רעב מאָטל, לאָזט זי אָפּ, איך וואָרן אייך...

## עסרעג.

ווי הייסט! זי קומט צו מיר, אין מיין וואַרשטאַט,
און ברענגט מיט זיך א פּאַק מיט פּראָקלאַמאַציעס,
און רעדט אָן מיינע מענטשן צו א שטרייק,
און מאַכט בא מיר אין שטוב א פינצטערע בעהאָלע,
און זאָגט נאָך, אז זי הערט מיך ווי דעם טע־רעק.
ניין, קום, איך וועל מיט איר שוין לערנען באָלעק!
קום, קום, איך וועל דיר ווייזן, ווי געהעריק!

## לעקערט.

(טרעט ארויס פאָרויס)

שאַ! שטייט! וווהין האָט איר זיך דאָס אזוי צעלאָזט?
וואָס שווייגסטו, שיינע? שפּיי אים אָן אין פּאָנעם...

(עסרעג דערשטוינט, מיט אן אָפענעם מויל,
קאָן קיין וואָרט ניט ארויסריידן).

לויף, פּייוול, רופ אהער א צוויי — דריי יאַטן,
וועט זיין א רועך אין זיין טאַטנס טאַטן...

(עסרעג וויל אָפּטרעטן)

## שיינע.

די פּראָקלאַמאציעס נעמט אָפּ בא אים.



## עסרעג.

(טוט א שלייערע א פּעקל פּראָקלאָמאציעס)

נאַ, נעם דיר זיי! מיינסט טאַקע, כ'דארף דאָס האָבן?
איך האָב דאָס צוגענומען אין אַ שפּאַס,
געוואָלט זי אָנשרעקן אפּ א געלעכטער —
כ'האָב גאָרנישט ניט געמיינט דאָ... אָסער...
ווי קאָנט איר טראכטן, אז א ייד קאָן זיין אַ מאָסער?

## לעקערט.

פאַרנעמט זיך גלייך...

## עסרעג.

(דערשראָקן)

ניט שריי, ניט מאַך קיין טומל,
איך בין געווען אמאָל דיין באַלעבאָס,
און אויב וועסט דאַרפן, קאָנסטו ווידער קומען.
מיר וועלן דורכקומען, מיר וועלן דורכקומען...

## פּייוול.

וואָס זאָגט איר עפּעס, ווי ער מאַכט זיך פויל!
אַ מיעסער ייִד... פאַרנעמט זיך גלייך פונדאַנען.

(זילבערשטיין וואַרפט זיך צווישן עסרעגן און
פּייוולען. עסרעג טרעט איילִיק אָפּ)

## לעקערט.

אַ שאָד, איך וויל ניט פּאַטשקען זיך דאָס מויל —
איך וואָלט ארייַנגעזאָגט אים... אין זיין מאַמען...

### שיינע.

גייט נעמט אראָפּ די ארבעטער באַ אים,
זיי ווילן אלע צו דער זעמאָנסטראציע,
און ער האָט זיי פאַרשפּארט דאָרט אין ווארשטאט.

### פּייוול.

(לאָזט זיך גיין)

דערקלערן אים א שטרייק!

### לעקערט.

ניין, בעסער קלעפּ.

(אָפּ נאָך פּייוולען)

### שיינע.

איז, הייסט עס, באַלד באַ אונדז א דעמאָנסטראַציע,
האַ, זילבערשטיין?

### זילבערשטיין.

אַ דעמאָנסטראַציע, שיינע! נאָך א מין!
דער קאָמיטעט באַ־ליסט, — איך פאָלג, איך גיי מיט
פרייד,
א בונדאָוועץ איז ווי א זעלנער אין דער ריי.

### שיינע.

אָט זאָל שוין גיכער קומען סענדעראַצקי
און זאָ׳ עוין ברענגען אונדז א פריילעך נייס,



אַז די פּאָליאַקן גייען אויך מיט אונדז...
אָט דאָס וואָלט היינט געווען אַ דעמאָנסטראַציע!
ווען ס׳גייען אַלע ארבעטער, ווי איינער —
די יידישע, די פּוילישע, די ליטווישע
אינאיינעם!...

### זילבערשטיין.

און איך! וואָס מיינט איר? איך בין קעגן דעם?
נאָר מיילע, צי זיי וועלן גיין, צי ניין —
דאָס ערשטע אָרט געהערט דעם „בונד״ אַלציינס.

### שיינע.

וואָסווילט זיך אייך? זיין איינער אַף דער גאַס?.
געדענקט: אַז אָך און ווייי וועט זיין צו אונדז,
אויב מירן אויך אַף ווייטער אָפּצוימען דעם „בונד״
פון גאַנצן רוסלענדישן אַרבעט־קלאַס.

### זילבערשטיין.

איז נעמט צעלאָזט דעם „בונד״ און גייט צו זיי!

### שיינע.

איך ווייס ניט, ווער באַדאַרף צו וועמען גיין,
צי זיי צו אונדז, צי מיר צו זיי, —
נאָר, זילבערשטיין! וואָלט דען ניט בעסער זיין —
איין גרויסע שטאַרקע אַרבעטער־פּאַרטיי!

(עס קומט אָן סענדעראצקי. שיינע ווארפט זיך צו אים)

נו, סענדעראַצקי, דיינע גייען? ווו?
ווו זיינען זיי?

### סענדעראצקי.

מע גייט! מע גייט!
זיי קלייבן זיך שוין אַפ דער דייטשער גאַס...

(עס קומען אָן ארבעטער)

### שיינע.

גייט, גייט אַהין. פארנעמט די טראָטואַרן,
שפּאַנט הין און צוריק און וואַרט אַפ אַ סיגנאַל.

(אַלע אָפּ. עס קומען צוריק פייוול, לעקערט, דערנאָך סאָניע)

### פייוול.

אַ ווילער טאָג איז היינט! א ווילער טאָג!
וואָס זאָגסטו, ווי עס זיינען פול די גאַסן!
נו, הירשל! האָב איך דען דיר ניט געזאָגט
מע קאָן זיך שוין פארלאָזן אַפ דער מאַסע!

### לעקערט.

קום גיך אַהין!

### סאָניע.

וואַרט, הירשל, נאָר איין וואָרט...

### פייוול.

וואָס דאַרף זי דיך?

(לעקערט שטעלט זיך אָפּ)

דו בלייבסט? איך גיי אוועק.



### לעקערט.

(צו סאָניען)

זאָג גיכער, נו,
ניטאָ אַצינד קיין צייט פאַר לאַנגע רייד.

### סאָניע.

ניט גיי אַליין און לאָז ניט אַנדערע גיין,
איר ווייסט דאָך קיינער ניט, וואָס אייך דערוואַרט...

### לעקערט.

אָט דאָס ביסטו געקומען זאָגן איצט?!
איז קום — וועט יעדער איינציקער דיר זאָגן,
וואָס ער דערוואַרט פון דיינע גוטע פריינט...
ניין, קיינער וועט מיט דיר ניט וועלן ריידן.

(וויל אוועקגיין, קערט זיך אום)

כ'וואָלט אויך באַדאַרפט פון דיר זיך האַלטן ווייט...
באַטראַכט זיך, סאָניע, אויב דו האָסט נאָך צייט...

(שנעל אָפּ. סאָניע אַליין. טומל. נאַזימאָוו, אָקאָלאָדאָטשנע און גאָראָדאָוואָיעס אַפ דער גאַס)

### נאַזימאָוו.

שטייט דאָ און לאָזט ניט קיינעם דורך,
און ווער עס וויל זיך דורכרייסן — איבערן קאָפּ!

(וואַרפט זיך צום טויער, שלעפּט אַרויס דעם ווע טער)

אָט דאָ! אָט דאָ האָב איך באַפוילן שטיין!
קיין טראָט זאָלט איר ניט אָפּטרעטן פונדאַנען.

**קוילעס.**

אַראָפּ די זעלבסטהערשונג!

(ווייטער אָפּגעריסענער געזאַנג)

די לאָכ אינ פענצטער רופּט אַליינ דעם גאַנעוו!

(שנעל אָפּ. טומל. אָפּגעריסענער געזאַנג, אָנגעלויף.
די יידענע לויפט)

**יידענע.**

מע האַרגעט דאָרט! מע שלאָגט דאָרט! אוי!
מיינ קינד! מיינ קינד!

(געקויפ. אַרבעטער מיט אַ פאָנ לויפנ פלינק דורכ
גאָראָדאָוואָיעס נאָכ זיי. געראַנגל)

**עסרעג.**

(לויפט אַרויס אַ צעטומלטער)

פאַרמאַכט די קראָמענ!
פאַרמאַכט! פאַרמאַכט! פאַרמאַכט!

(געלויפ)

**שניידער.**

(לויפט אַרויס א צעטומלטער)

וואָס האָט געטראָפנ? זאָגט, וואָס קומט דאָרט פאָר?

(אַרבעטער לויפנ)

**קוילעס.**

אַראָפּ די זעלבסטהערשונג!

**עסרעג.**

איר הערט דאָכ!
ניקאָליי געפעלט זיי ניט פאַר קייסער...

(נייע כיואליעס אַרבעטער יאָגנ זיכ דורכ)



# דריטע כצענע

א לאנגער קאָרידאָר אינ דער טורמע באם פאָליציי־הויז. א ריי טירנ מיט פירעקעדיקע אייגעלעכ פונ די קאמערנ. בא איינער אזא טיר שלאָגנ צוויי קאָזאקנ אנ ארעסטירטנ.

**1־טער קאָזאק.**

דערהאַרגעט...

**2־טער קאָזאק.**

ניינ, פארטייַעט.

**1־טער קאָזאַק.**

נו, גענוג...
ער וועט קייַנ דעמאָנסטראַציעס מער ניט וועלנ,
דערלאנג אהערצו וואסער, גיס אימ אָפּ.

**2־טער קאָזאק.**

דער רועך וועט אימ אָנ וואַסער אויכ ניט נעמענ,
אַזעלכע האַלטנ די נעשאָמע שטארק.

(נעמט דעם ארעסטירטנ פאר די פיס)

נו, נעמ אימ פארנ קאָפּ!

(ביידע צעהוידענ דעם ארעסטירטנ אונווארפנ אימ
אריינ אינ קאמער)

אהין! צו דײַנע!
אײַך אַלע דארף מען לערנען אָט אזוי.

(מע ברענגט נאָך ארעסטירטע. דער 2־טער קאָזאק שטויסט זיי אײנציקווייז אין קאמער)

או, זשיד! אָט, נא דיר פרײַהײַט! נאַ! אָט נעם!

## 1־טער קאָזאק.

א טראכט טאָן נאָר, וואָס קריכן זיי, אזעלכע,
זיי ווייסן דאָך מיסטאם, וואָס זיי דערוואַרט.
כ׳פארשטיי נאָך די, וואָס גייען מיט אַ באָמבע,
נו, יענע איז ניט שרעקלעך קיין שום זאך...
אזעלכער, אָדער דו דערהארגעסט אים,
נאָר זיכערער, אז ער דערהארגעט דיך...
און די — זיי קריכן דאָך מיט הוילע הענט!
און וואָס פארלאנגען זיי...

## 2־טער קאָזאק.

וואָס די, וואָס יענע, —
מע דארף זיי אלע שלאָגן, דאָס איז גאָר.

## 1־טער קאָזאק.

אַ טראכט טאָן נאָר, פונוואנען נעמט זיך דרייסטקייט...
א יִדישקע אזא, א שווארצינקע...
א שיינינקע... האָט היינט זיך מיר געטראָפן.
מײַן פערד איז אָנגעפלויגן גלייך אפ איר,
און זי — זי ווארפט זיך קעגן מיר מיט פויסטן
און רייסט בא מיר די שווערד מיט הוילע הענט



און שפּייט און שרייט: „אראָפּ, אראָפּ דעם קייסער!"
זי ליגט שוין אונטער טלאָען אפ דער ערד
און שרייט נאָך אלץ: „אראָפּ, אראָפּ דעם קייסער!"

## 2־טער קאָזאק.

טסס — שטילער... אָט דערפאר טאקע, דערפאר
באדארף מען שלאָגן זיי...

## 1־טער קאָזאק.

און נאָר א טראכט טאָן,
פונוואנען נעמט זיך קראפט...

## 2־טער קאָזאק.

נו, שווייג! מע גייט...

(עס גייען דורך דער דאָקטער און אן אלטער פּאָריץ)

## פּאָריץ.

א דאנק א גרויסן אונדזער גובערנאטער,
ער האָט מיך איינגעלאַדן היינט אהער
א קוק טאָן, ווי מע שמייסט אין אייער צייט...
נו, צייטן, צייטן זיינען אָנגעקומען,
מע דארף דאָ אָפּשמייסן א צענדליק מאן,
און צוגרייטעניש, ווי צו א פּאראד.
די גאנצע פּאָליציי איז אפ די פיס,
עס קומט אהער אליין דער גובערנאטער,
און אייך אפילע, דאָקטער, אויך געבראכט אהער.

### דאָקטער.

נו, איך... מיין כויוו איז איצטער דאָ צו זיין, —
עס קאָן דאָך טרעפן... נו... איך מיין...
אז עמעצן זאָל נויטיק זיין מיין הילפ...
עס טרעפט א מענטש, וואָס האָט א הארץ א שוואכס,
ער פאלט כאלאָשעס בא דער צענטער רוט.
און דאָ, — א צוויי־דריי טראָפּן וואלעריאנקע,
און אָפּגעמונטערט... און מע קאָן אים שמייסן נאָך.

### פּאָריץ.

ס'איז אלץ דערפאר, ווייל זעלטן שמייסט מען איצט.
פאר וויפל יאָר זיך קוים אזעלכס דערוואַרט...
אמאָל, אמאָל אזוי דען פלעגט מען שמייסן?
מע פלעגט דאָס פּראָסטער טאָן, נאָר גוט און אָפט, —
געווען דערפאר געהאָרכזאמקייט און מוירע...

### דאָקטער.

און איר געדענקט נאָך יענע צייט?...

### פּאָריץ.

כ'געדענק!
מיין פאָטער פלעגט זיי שמייסן אין דער שטאל,
געשמיסן אָן פאַראַד, נאָר אָפט און גוט...
ניין, איצטער וועט מען שוין אזוי ניט שמייסן!..
ניין, איצטער קאָנט איר ניט
אפילע אָפּשמייסן אָן וואלעריאנקע...
(פארגייט זיך אין געלעכטער)



### דאָקטער.

וואָס גלייכט איר יענע צייט צו אונדזער צייט!
דער מענטש ווערט אנדערש איצט געשעצט,
ווייל איצטער גייען זייט בא זייט
די וויסנשאפט און דער געזעץ...
(פונדערווייטן א הויכער דייטלעכער אויסגעשריי: „סמירנאָ!" פּריסטאווס. אָקאָלאָדאָטשניקעס גאָראָדאָוואָיעס, קאָזאקן שטעלן זיך שנעל אין א שערענגע לענגויס דעם קאָרידאָר. אלע פארגליווערטע, מיט פּעניער געווענדעט צו דער זייט, פונוואַנען עס קומט אָן פּאַן־וואָל, באגלייט דורך נאזימאָוון)

### נאזימאָוו.

כ'בין גליקלעך, אייער עקסצעלענץ, צו מעלדן,
ווי גוט און גיך די פּאָליציי האָט היינט
דערשטיקט די אומרוען אף אלע גאסן.
די דעמאָנסטראנטן אלע ארעסטירט,
קיין איינער איז פון זיי היינט ניט אנטלאָפן,
פארהאלטן אַלע, אייער עקסצעלענץ...

### פּאַן־וואָל.

אצינד וועל איך אליין מיט זיי שוין ריידן.
ווו זיינען זיי בא אייך?..

### נאזימאָוו.

אייער עקסצעלענץ...
אין צווייטער קאמער האָב איך דרייסיק מאן,
און פופציק זיצן אין דער פערטער קאמער...

### פאָנ-וואל.

(קוקט זיך ארום)

א פאסיק אָרט פאר זיי! א זיכער אָרט!
דאָ וועלן זיי נים גיין מיט רויטע פאָנען,
און פרייהייט וועט זיך זיי ניט וועלן מער, —
עס וועט זיי זיין צו פריי אין זייער הויט,
ווען איך וועל זיי די רוקנס מאכן רויט.
אהער, באפעלט זיי אלע! פאָליצמייסטער!

(נאזימאָוו אָפּ)

א זיכער אָרט! מיר דאכט זיך, אז די ווענט...
ניין, שטארקע, גוטע ווענט... און גוטע גראטעס...
ווען יעדע גאס זאָל זיין אזא מין גראטע
און יעדע שטאָט זאָל זיין אזא מין וואַנט,
וואָלט רוסלאנד דאן געווען א רויִק לאנד.

(נאזימאָוו, פריסטאוו, גאָראָדאָוואָיעס שטעלן אויס
אין א שערענגע די ארעסטירטע אין דער צווייטער
קאמער)

### נאזימאָוו.

די צווייטע קאמער, אייער עקסצעלענץ!

(א רעגע שווערער שווייגן)

### פאָנ־וואל.

איז אָט דאָס זיינען זיי! און אָט די ראָבן,
זיי ווילן דאָס פארפיקן אונדזער אָדלער...
ניין, קיינמאָל וועט ניט זיין דאָס, קיינמאָל ניט!
מיר וועלן הענגען אייך! מיר וועלן שיסן!..



ס'איז נאָר א שאָד פאר אייך דעם קייסערס שטריק.
ס'איז נאָר אין קייסערס אלע ארסענאלן
ניטאָ קיין ביקס... אזא פארזשאווערטע,
פון וועלכער עס זאָל ווערט זיין אייך דערשיסן.
ניין, ריטער! ריטער! דאָס וועט זיין א שטראָף...
הייסט צוגרייטן די ריטער! פאָליצמייסטער!

(נאזימאָוו — א ווונק מיט דער האנט. די צוויי
קאָזאקן טראָגן צוויי הויפנס ריטער)

### נאזימאָוו.

אלץ פארטיק, אייער עקסצעלענץ...

### פאָנ-וואל.

און איצט —
זשידי פאָרויס!

(שטילשווייגן.
קיינער רירט זיך ניט פון אָרט)

פאָרויס אהער! זשידי!

(קיינער רירט זיך ניט פון אָרט. פאָנ־וואל מאכט
א טראָט צו דער שערענגע. גיט א ווונק
נאזימאָוון)

### נאזימאָוו.

ווער איז דאָ ניט קיין זשיד, ארויס אהער!

(קיינער רירט זיך ניט פון אָרט, פאָנ־וואל מאכט
א צאָרנדיקן טראָט צו דער שערענגע. בלייבט שטיין
פאר א פלוצלינג ריקן אויסגעשריי)

## פוילישער ארבעטער.

ניט זשידעס, ארבעטער דאָ זיינען אלע!

## פאַנ־וואל.

פארשטאָפּנ אים דאָס מויל! דעם ערשטנ אים,
אונ נאָכ אים אלעמענ צו פּופציק ריטער!
צו פופציק! אלעמענ! אָנ אונטערשייד!
(די צוויי קאָזאקנ נעמענ דעם ארבעטער)

## פאָנ וואל.

(ווענדעט זיכ צו די יידישע ארבעטער)

איר, בונטאָוושטשיקעס, זייט זשידי! זשידי!
ניט יידנ, נאָר זשידי! ווייל יידנ זיינענ
די, וועלכע גלויבנ אויכ אינ זייער גאָט,
די, וועלכע גייענ ניט מיט רויטע פאָנענ,
אונ יענע יידנ ווארטנ איצט מיט פרייד
אפ אייער שטראָפ...

## אלע ארעסטירטע.

(אויסגעשריי)

אראָפּ די זעלבסטהערשונג!

## פאָנ־וואל.

ווער וואגט! ווער וואגט! צו הונדערט שמיצ זיי אלע!
הויבט טייקעפ אָנ! איר, דאָקטער, שטייט אונ קוקט,
ניט אויסהויכנ זאָל קיינער די נעשאָמע,
ביז ער וועט אלע הונדערט ניט באקומענ.



## דאָקטער.

כ'הער, אייער עקסצעלענצ...

(פויקנ. די עקזעקוציע הייבט זיכ אָנ חינטעוי'
צוויי אופגעפענטע טירנ — א לאנגע באנק. מע
זעט נאָר די שפּיצנ פיס פונ די געפייניקטע. מע
זעט נאָר די קעפ פונ די פייניקער אינ די פאָכנ־
דיקע, אינ דער לופטנ, ריטער)

## פאָנ־וואל.

(קלאפט צו מיט דער פוס אינ טאקט דעם פויק)

אזוי! אזוי!
אהער די פאָנענטרעגער! איר שטייט דאָ,
דאָ וועט איר שטיינ אונ צוזענ אייער ארבעט...
אונ זיי — וועט נוצלעכ זיינ צו זעענ אייכ,
ווענ יעדער רוט וועט צווינגענ זיי צו טראכטנ,
ווהינ איר האָט געפירט זיי אונ אפ וואָס.
(פויקנ)

## דאָקטער.

וואָס פאר אנ איינגעאקשנטע פאָלק דאָס איז,
קיינ איינער האָט נאָכ ניט געלאָזט קיינ טרערנ!
זיי ביסנ זיכ די ליפּנ ביז צום בלוט,
קעדיי מע זאָל קיינ קרעכץ פונ זיי ניט הערנ.

## פאָנ־וואל.

זיי שרייענ ניט! זיי קרעכצנ ניט!
(צום ערשטנ קאָזאק)

עי, דו!
דו פאָכעסט מיט די ריטער אין דער לופטן,
און קיינעם טוט ניט ווי! פארבייטן אים!
און שטרענג באשטראָפן...

**1־טער קאָזאַק.**

אנט[illegible]ולדיקט, אייער עקסצעלענץ...

**פאָן־וואל.**

שווייג! מארש!
(שטויסט אים אָפּ מיט די פיס)

[illegible]ע האָט דיך שלעכט געלערנט, ווי צו דינען,
דיין שווע און דיין פליכט געדענקסטו שלעכט...
איז אָט וווהין עס טרעפט שוין די קראמאָלע...
(צום פאָליצמייסטער)

[illegible]ערמאָנט מיר וועגן אים...

**נאזימאָוו.**

כ׳הער אייער עקסצעלענץ...
(מע פירט אוועק דעם קאָזאַק)

**פאָן־וואל.**

זעצט פאָר! זעצט פאָר! אזוי! אזוי! איינס־צוויי!
ניין, שטארקער! זעלטענער! איינס־צוויי! איינס־צוויי!
(קוילעס פון די געפייניקטע)



**נאזימאָוו.**

ער כאלעשט, אייער עקסצעלענץ.

**פאָן־וואל.**

ניט וויכטיק!
זאָגט, דאָקטער, איר...

**דאָקטער.**

(פרוווט דעם פולס)

מע קאָן אים געבן נאָך,
זיי האָבן שטארקע הערצער, אייער עקסצעלענץ...
(אלע שווייגן. קוילעס פון די געפייניקטע. איינע נאָך די אנדערע פירט מען ארויס אונטער די הענט עטלעכע האלב־טויטע געפייניקטע)

**פאָריץ.**

(שאָקלט צו מיטן קאָפּ נאָך די געפייניקטע, פאר־בויגט נידעריק דעם רוקן פאר פאָן־וואלן)

ווי הויך זיי האָבן פריער דעם קאָפּ פארריסן,
און איצטער עפעס האלט ער זיך ניט הויך...
ווייזט אויס, אז איר האָט אויך ניט שלעכט געשמיסן,
ווייזט אויס, אז די ריטער העלפן איצטער אויך.

**נאזימאָוו.**

וווהין זיי איצטער, אייער עקסצעלענץ...

## פֿאָנ־וואל.

איצט זאָלן זיי צעטראָגנ אומעטום
די גאנצע שרעק, וואָס ליגט אפ זייער פּאָנעם, —
דאָס וועט בא אנדערע אפ לאנג, אפ לאנג
דעם כיישעק אָפּשלאָגנ צו רויטע פאָנעו, —
איז עפנט אופ פאר זיי דעם טויער פריי
אונ לאָזט זיי אָפּ, וווהינ די אויגנ קוקנ,
זיי וועלנ לאנג געדענקענ אָט דעם מײַ —
ער איז בא זיי פארשריבנ אפנ רוקנ...

(שטילשווייגנ)

פ אָ ר ה א נ ג

# דריטער אקט

# ערשטע סצענע

גאס אינ ווילנע, מאָטל עסרעג זיצט בא דער טיר פונ זיינ קראָמ
אונ פאָרקעט זיכ בא אַ שוסטערשנ בענקעלע, צו וועלכנ ער קלאפט
צו א וויכ קישעלע. שניידער נעבנ אימ.

## עסרעג.

דעמ דריטנ טאָג, אַז מיינע קומענ ניט.

## שניידער.

דיזעלבע אויסכאַפּעניש אויכ אפ מיינע,
זיי הויבנ זיכ ניט אופ דעמ דריטנ טאָג.

## עסרעג.

מע האָט זיי פיינ געשמיסנ...

## שניידער.

אַלצ הייסט שמייסנ!
געשניטנ פּאָשעט שטיקער לייב פונ זיי,
זיי קאָנענ מיט קיינ אייווער ניט קיינ ריר טאָנ.

## עסרעג.

זיי האָבנ קאָשער דאָס פאַרדינט, אַ מיצווע!
דאס האָט זיכ גאָט צערעכנט אויכ פאַר אונדז.
דאס האָט זיי גאָט באצאָלט פאַר אלע שטרייקנ.

## שניידער.

דערווייל ביז עפּעס לײַדן ווידער מיר...
דריי טעג, אז קיינער קומט ניט צו דער אַרבעט.
ווער ווייסט, צי עמעצער וועט קומען היינט.

## עסרעג.

מע וועט זיך אויסהונגערן, וועט מען קומען...
קיין גראָשן וועל איך זיי ניט געבן פאַר די טעג.
בא מיר וועט מיין בוכהאלטער אַלץ פאַרשרייבן
און אָפּרעכענען זיי פאַר יעדער שאָ,
פאַר יעדער רעגע...

(שרייט אריין אין קראָם)

זילבערשטיין!

(ווידער צו שניידערן)

וואס ארט אייך, איר פאַרלאָזט זיך שוין אפ מיר,
איך וועל זיי צוגרייטן אַ וויסטן בּאָרעכאַבּע.

(שרייט ווידער אין קראָם אריין)

ווו זייט איר ערגעץ דאָרטן, זילבערשטיין!

(זילבערשטיין ווייזט זיך אַפּן שוועל)

אַ כעשבן, זילבערשטיין! אַ קלאָרן כעשבן!
ווי מענטשן שטעלן מיך בעדיל־האַדאַל!

(עס הייבן אָן אָנצוקומען אַרבעטער
לעקערט צווישן זיי).

## שניידער.

אָט גייען זיי, די ברויטגעבער...



## עסרעג.

זיי גייען,
איז ווארט דאָ צו אַביסל, וועט איר זעען
דעם בּאָרעכאַבּע, וואס איך וועל זיי מאכן.

(הייבט זיך אום צו איינעם פון די אַרבעטער. דאָס
בענקעלע אין ביידע הענט)

נו, יאנקעלע, ביסט, דאַנקן גאָט, געקומען,
כ'האָב צוגעגרייט אַ בּענקעלע פאַר דיר,
אָט נאַ! עס זאָל דיר ווייכער זיין צום זיצן,
דער הינטן דיינער, נעבעך, טוט דיר וויי...

(צו אַ צווייטן אַרבעטער)

ווילסט אויך? דיר טוט דען אויכעט וויי דער הינטן?

(די אַרבעטער פארלאָרן שווייגן)

## שניידער.

דאס איז אַן איינפאַל, ווי איך בין אַ ייִד,
איך גיי און טראַכט באַלד עפּעס צו פאַר מיינע.

## לעקערט.

כאַווײרים, וואס באַטייט עס? ניין!
וואס איז דאס פאר א מין? וואס לאָזט איר שפּייען...

## שניידער.

אַך, הירשעלע! ער איז שוין ווידער דאָ?
און ווו ביסטו געווען, ווען ס'האט געדונערט?
דו האָסט באַקומען כאָטש דיין קיילעך שמיץ?

## לעקערט.

אָט וועל איך אייך אַזאַ מינ כיילעק געבנ,
אַז ס׳וועט א דונער דאָ אייך טרעפנ אפנ אָרט.

## עסרעג.

דו שיגעצ! שווייג! וואס זאָגט איר נאָך אפ אימ?
פונוואַנענ האט זיך דאס צו אימ גענומענ לאָשנ?
אַזוי באדארפ מענ פיקנ אימ דעמ צונג,
וועסט מיט א צוואַנג קיינ וואָרט בא אימ ניט נעמענ,
אונ דאָ האָט ער צעעפנט גאָר אַ מויל
אונ פלוצלינג זיך צערעדט, ווי בילעמס אייזל.

## שניידער.

ווי קומט ער גאָר אַהער? מע האָט דאך אימ פאַרשיקט.

## עסרעג.

וואס פרעגט איר, וואס, מיסטאַמ איז ער אַנטלאָפנ...
אונ קומט צו מיר צו גיינ אונ רוימט מיר איינ,
איך זאָל אימ געבנ אַרבעט... פאַר ראכמאָנעס
האב איך אימ צוגענומענ אפ א וואָך...
גיי, טו א הונט אַ טויווע, בילט ער נאָך.

## לעקערט.

זיי טוענ טויוועס אונדז... אַ קלאָג צו זיי.
אַליינ גערופנ, ווענ ער האָט באדארפט...



## עסרעג.

פאַרמאך דעמ פיסק. דו אזעספאָנעמ איינער,
נעמט, גיט אימ גלייך די טפילנ, זילבערשטיינ,
ניטאָ בא מיר קיינ אַרבעט פאַר אַזא פאַרשוינ!

## זילבערשטיינ.

(צו לעקערטנ)

וואס טויג דיר איצט זיך קריגנ אָנ אַ ציל?

## לעקערט.

איך האב אימ מיט זיינ ארבעט טיפ אינ דר׳ערד...

## עסרעג.

(צו שניידערנ)

נו, פרעג איך אייך, איז ניט קיינ מיצווע דענ
די שמיצ, וואס מע האט זיי ארייגעשמיסנ?
אַ שאָד, וואס איך בינ ניט געווענ דערביי,
איך וואָלט פונ מיינ זייט צוגעלייגט א קנייטל...
אַי, לעבנ זאָל, געזונט זאָל זיינ פאָנ־וואַל,
עס זאָלנ קיינמאָל אימ די הענט ניט ווי טאָנ.

(שיינע איז צוגעגאַנגענ זיט־באמערקבאר. געשטאַ־
נענ אָנ א זייט, אויסגעהערט די לעצטע ווערטער)

## שיינע.

ווארט אויס, ווארט אויס, איר פרייט זיך פאַר דער צייט,
מע וועט זיך נויקעמ זיינ אָנ אימ מיט אייך צוזאַמענ.

### עסרעג.

שא, שא, אַ נייע זאָגערן, אָט האָססו דיר,
פונוואַנען האָט זי זיך אַהער גענומען?

### שניידער.

זיי קלייבן זיך שוין ווידער דאָ, די שלעק?
עס טוט זיי באַנג — שוין לאַנג דאָ שטיל געוועזן.
ניין, בעסער קומט פונדאַנען, קומט אַוועק,
מע קאָן נאָך ווערן איבער זיי גענעזיקט.

(שניידער און עסרעג אָפּ. אייניקע ארבעטער נאך
זיי. זילבערשטיין אָפּ און קומט באלד צוריק)

### לעקערט.

אַרויסגעוואָרפן מיך. אַן אַנדער צייט
וואָלט ער שוין גלאט אַזוי ניט אָפּגעשניטן.

### יאנקל.

וועסט גאָרניט מאכן, אלץ אַפּ זייער זייט.
מע מוז פאַר זיי אַראָפּנעמען דאס היטל...

### פייוול.

זיי גלעטן זיך דאס הארץ מיט אונדזער ווונד.

### לעקערט.

וואלט כאָטש דער „בונד” איצט עפּעס פאָרגענומען!



### יאנקל.

עך, קום, געגוג, וואס קאָן איצט טאָן דער „בונד”,
מיר דאַרפן אָנבויגן דעם קאָפּ און שטומען.

(אָפּ)

### שיינע.

אַזא מין שטימונג הערשט איצט אומעטום,
מע הערט אזעלכע רייד אין אלע גאַסן.
מע מוז, מע מוז וואס גיכער עפּעס טאָן,
קעדיי צו ראַטעווען די שטימונג פון דער מאסע.

### זילבערשטיין.

אַ פאלשער שריט געווען די דעמאנסטראַציע.

### שיינע.

נאָר איצט איז דאָס פאר קיינעם ניט קיין טרייסט
איצט דארף מען איינס — נעקאָמע, נאָר נעקאָמע!

### זילבערשטיין.

נעקאָמע, וואס באַטייט עס? ניין, איר ווייסט?
איך וויל, איר זאָלט דאָס אָנרופן באַם נאָמען...

### לעקערט.

ניט זייט קיין שאָפּ, וועט ער ניט זיין קיין וואָלף.
אַ שאָס, א שאָס נאָר איינער — און א סאָף!

**זילבערשטיין.**

(דערשראָקן)

אַ שאָס, אַ שאָס! איר ווייסט צו וואָס איר רופט?
איר ווייסט — טעראָר וווהין עס קאָן פאַרפירן?
פאַר דער באַוועגונג איז טעראָר אַ סאַם,
ס'איז קעגן דער טאַקטיק און קעגן דער פּראָגראַם.

**לעקערט.**

געשמיסן אונדז, דערנידעריקט אַזוי.
דערמאָנען זיך, קאָכט אויף אין האַרץ דאָס בלוט.
נאָר בלוט קאָן אָפּוואַשן אַזאַ מין שאַנד.
נאָר גיי, אַז דאָס איז קעגן דער פּראָגראַם.

(דערזעט סענדעראַצקין)

עי, סענדעראַצקי, פּייוול! קומט אַהער,
דערציילט איר אויך, ווי מע האָט זיי געשמיסן.
זאָגט איר: אַזוי איז דאָס געווען, צי ניט...
געלעגן אַלע מיט פאַרהוילטן לייב,
און רויט נאָך רויט האָט זיך אָפּ זיי געשאָטן,
און יעדער רויט האָט זיך געוויקט אין בלוט,
פאָן־וואַל האָט צוגעקלאַפּט נאָך מיטן פוס
און רויִק צוגעציילט: איינס, צוויי! איינס, צוויי!
קיין הונט וואָלט מען אַזוי דאָך ניט געשמיסן.
ווי נעמט מען ניט נעקאָמע פאַר אַזעלכס!
מע מוז דערפאַר זיך נוקעם זיין, מע מוז!
און עמעצער וואָלט דאָס געטאָן מיסטאָם,
נאָר גיי, אַז דאָס איז קעגן דער פּראָגראַם.



**סענדעראַצקי.**

אָט די טעאָריעס, דער טייוול זאָל זיי נעמען,
אין פּ. ס. ד. דאָסזעלבע, וואָס אין „בונד".
אַז כ'ווייס ניט ווער באַשאַפן איז פאַר וועמען:
צי מיר פאַר דער פּראָגראַם, צי די פּראָגראַם פאַר אונדז?

**זילבערשטיין.**

וואָס טוט זיך דאָ? ניט אַנדערש, נאָר איר זיינט
פאַרסאַמט מיט טעראָריסטישע געדאַנקען.
אָט ווו עס שטעקט אַצינדערט די סאַקאָנע!
ניין, איך בין איצט איבעריק, אַפּאָנעם.

(אָפּ. פּייוול פּרוּווט אים פאַרהאַלטן)

**שיינע.**

גיי, וואַרט ביז וואַנען ער וועט זיך צעגאַרטלען,
גיי, וואַרט אַזאַ זאָל אָנהויבן וואָס טאָן...

**לעקערט.**

ווו שטייט געשריבן, אַז מיר דאַרפן וואַרטן,
ביז עמעצער וועט אָנהויבן? מיר הייבן אָן!

**פּייוול.**

(וואַרפט זיך צו לעקערטן)

וואַרט! כאַפּ זיך ניט. ווי הייסט: מיר הייבן אָן...
דו מיינסט, אַז מיר איז גרינג צו שטיין און שווייגן?
איך וואָלט אַליין געגאַנגען עפּעס טאָן...

נאר אונדזער קראַפט איז ניט אין מיר און ניט אין דיר,
מע דאַרף, אַז דאָ זאָל עפּעס טאָן די מאסע...

(אָפּ אין א זייט)

### לעקערט.

(שרייט נאָכ)

און איכ, און דו, און ער, און אלע מיר!
וואס זיינען מיר? מיר זיינען ניט די מאסע?

### סענדעראצקי.

אָט דאס איז אַ געדאַנק! אַ טייערער געדאַנק...
פון עמעצן פון אונדז באקומט פאָן־וואַל א קויל.
איכ האָב אליין דערפון געטראַכט שוין לאנג,
איכ האָב נאָר ניט געוואַגט דאס ברענגען פאַרן מויל

### לעקערט.

איז אָפּגערעדט... נו. גיט די הענט אַהער!
מיר טרעטן צו, מיר זיינען דאָ אינדרייען,
אַ פּערטער וועט זיין פּיוול... ער וועט גיין...
איצט גייט אונדז אָפּ אַ פינפטער... כ'מיין — אַ שפייער.

### סענדעראצקי.

אַ שפייער! יאָ, ווי מיינסטו, שיינע, זאָג!
מיר וועלן קריגן?

### שיינע.

כ'מיין, מיר וועלן קריגן...



### לעקערט.

מיר וועלן קריגן אַלץ... פאָן־וואַל! פאָן־וואַל!
דו ביסט געפייגערט שוין, דו ביסט שוין טויט!

### סענדעראצקי.

עס מעג אַפילע דראָען אונדז די טליע...

### שיינע.

מע בעט דיכ ניט, באווייז אונדז ניט אַפריער,
טויט אָדער רויט!

### לעקערט.

ניין, ניין, ניט טויט... און רויט!

## צווייטע סצענע

צימער בא סאָניע שערעשעווסקי. סאָניע אַריינגעקומענ פונ גאַס, האַסט׳ק אַראָפּגעוואָרפנ פונ זיך דעם מאַנטל, שטאַרק אופגערעגט.

### סאָניע.

פאַרפּלאָנטערט זיך... אַזוי פאַרפּלאָנטערט זיך,
אַז כ׳ווייס ניט ווו אַהינטאָנ זיך אַצינד.
כ׳האָב ניט פאַרשטאַנענ, ניט געוווסט אַליינ,
ווי כ׳האָב פּ ראַטנ אַלע בעסטע פריינט,
או דער אָכאַאַנקע טריי אַזוי געדינט.
פאַראַט! פאַראַט! אַ ביטער שרעקלעכ יואָרט!
אַ קלעפּיק וואָרט — ניט אָפּוואַשנ זיך גלאַט...
ניינ, כ׳האָב דאָס ניט געמיינט אונ ניט געוואָלט.
נאָר לייכטזינ איז ניט בעסער פונ פאַראַט...

(נעמט אַרויס פונ טיש-קעסטל דעם רעוואָלווער.)

געוועג אַזויפיל פריינט אונ גוטע פריינט,
ווי זאָל איך קוקנ אינ די אויגנ זיי?
איך בינ פאַר זיי אַצינד פאַרהאַסט אונ פרעמד...

(לאָדט אָנ דעם רעוואָלווער)

ניינ, אָט איז איצט פאַר מיר דאָס איינציק אויג,
אינ וועלכנ כ׳קענ נאָכ קוקנ ניט פאַרשעמט.

(אַ קלאַפּ אינ טיר. זי וואַרפט איילנדיק די פּאַט-ראָנעס אָפּנ טיש, דעם רעוואָלווער אינ טיש-



קעסטל. לויפט עפענענ. דערמאָנט זיך אָנ די פּאַטראָנעס אָפּנ טיש, כאַפּט זיי אונ פאַרדריקט אינ פויסט. עפנט אופ. עס גייט אַריינ לעקערט)

### סאָניע.

ווי קומסטו איצט אַהער? דו ביסט געקומענ,
קעדיי אינ פּאָנעם מיר אַרויסזאָגנ דיינ האַס?

### לעקערט.

ניינ, איך פאַרהאַס דיך ניט... דו טוסט מיר באַנג,
דו טוסט אַזוי מיר באַנג... נאַ, גיב אַ האַנט...

(מאַכט אַ טראָט צו איר. נעמט איר האַנט. די פּאַט-ראָנעס פאַלנ אַרויס אַפּ דער פּאָדלאָגע)

### לעקערט.

ווי קומט צו דיר? ווו האָסטו דאָס גענומענ?
ניינ, זאָג, וואָס האָסטו זיך געקליבנ טאָנ?

### סאָניע.

צו וואס ביסטו געקומענ גראַדע איצט?
ווענ דו וואָלסט אַפּ אַ רעגע כאָטש פאַרשפּעטיקט,
וואָלט איך פאַרשפּאָרט דיר קוקנ אינ די אויגנ.

### לעקערט.

דערשיסנ זיך?! דו האָסט אַ רעוואָלווער?!
וואָס שווייגסטו! גיב אַהער דעם רעוואָלווער!
ער איז נאָכ קיינמאָל אַזוי נויטיק ניט געווענ,

ער האָט נאָך קיינמאָל אַזוי ערלעך ניט געדינט,
ווי ער וועט דינען איצט אין מיינע הענט.

סאָניע.

וואָס איז מיט דיר?

לעקערט.

אַהער דעם רעוואָלווער!

(ראַנגלט זיך מיט איר און נעמט אָפּ דעם רע-
וואָלווער)

אָט דאָס איז אַ געווינס! אַ גרויס געווינס!
כ'האָב ניט געוואַרט, איך האָב זיך ניט געריכט...
אַז כ'וועל אַזאַ מין שפּילעכל געפינען:
וואָס קומט דיר איצט? אַ קוש טאָן דיך דערפאַר!

(שפּרייט אויס די הענט צו איר
וואַרפט זיך צוריק צו דער טיר)

סאָניע.

וואַרט אויס! וואַרט אויס דערציילּ מיר אויך... דערצייל,
צי עפּשער טאָר מען ניט פאַר מיר דערציילן,
צי עפּשער טאָרסטו ניט פאַרטרויען מיר דיין סאָד...
איין קויל! איין קויל נאָר גיב מיר אָפּ צוריק,
און איך וועל אָפּוואַשן פון זיך מיין שולד...

לעקערט.

אָט באַלד! אָט קער איך באַלד דיר אום. עך, דו!..
געוואָלט דאָס לעבן נעמען זיך מיט דעם!
פאָן-וואַל איז בילעכער... נאָר שווייג. קיין וואָרט!



סאָניע.

דו ווילסט דאָס טאָן? אַליין, צי נאָך פאַראַן?

לעקערט.

פאַראַן! פאַראַן!

סאָניע.

מיך אויך נעם מיט! מיך אויך!

לעקערט.

די אַרבעט איז שוין צווישן אונדז פאַרטיילט
און יעדערן איז שוין באַשטימט זיין אָרט.

סאָניע.

זאָל עמעצער מיר אָפּטרעטן זיין אָרט,
כ'וועל גיין דאָס טאָן מיט פרייד, מיט גרויסער פרייד.
זאָל די געפאַר מיך ריינוואַשן פאַר פריינט,
זאָל די געפאַר פאַרקלענערן מיין שולד
פאַר זיי און פאַר דער אַרבעטער-באַוועגונג.

לעקערט.

מע דאַרף ניט, סאָניע. ווייסט, מיט וואָס דו שפּילסט?

סאָניע.

מיר קען דען איצטער שרעקלעך זיין דער טויט,
ווען דו האָסט ווידער לעבן מיר געבראַכט?

(פּאַוזע)

ניינ, זאָג. דו לאָזט מיכ איבער איצט אַליינ,
צי דו דערלויבסט מיר גיינ מיט דיר באַנאַנד...
ניט שווייג ...דו האָסט אַמאָל מיכ ליב געהאַט,
איכ ווייס.

(פּאַוזע)

### לעקערט.

איכ האָב דיכ ליב איצט אויכ... נאַ גיב אַ האַנט...



## דריטע סצענע

דער פּלאַץ באַם צירק. אנ אוילעמ שטויסט זיכ נעבנ די ארויסגע־
האַנגענע אפישנ. מאלקע לעקערט דרייט זיכ דאָ אומ, ווי זי וואָלט
עמעצנ זוכנ. מאָטל עסרעג מיט זיינ פרוי גייענ אינ צירק.

### גאַראָדאָוואָי.

אוועק! אוועק! צעגייט זיכ!

### יינגל.

נאָר ער טרייבט,
ער ווייסט נאָר טרייבנ, מערער גאָרנישט ניט.
וואָס ארט אימ, דאַכט זיכ, אז מע שטייט אונ קוקט...

### עסרעג.

א היצ אינ באָד! ער מוז דאָ, נעבעכ, שטיינ,
אָנ אימ ווערט זיכ די שפּיל דאָ ניט באַגיינ...

### יינגל.

די שפּיל וואָלט זיכ באַגאַנגענ אָנ אייכ אויכ.

### פרוי עסרעג.

אַ צינגעלע אפּ שרייפּעלעכ באַ אימ...

### יינגל.

מער שרייפעלעכ, ווי זי פאַרמאָגט אינ קאָפּ.

### עסרעג.

דו וועסט פונ אימ דערהערנ עפּעס רעכטס.
א טאַכשיטל! א איידל קינד! א גאָלד!

### יינגל.

וואָס האָב איכ וואָס צו ריידנ מיט א יאָלד!

### עסרעג.

(יאָגט זיכ נאָכנ יינגל)

דו וועסט באַ מיר אוועקגיינ אָנ א קאָפּ.

### יינגל.

(לויפט אָפּ)

אונ איר זיינט אָנ א קאָפּ אהער געקומענ...

### עסרעג.

(כאַפּט דאָס יינגל פאַרנ אויער)

אָט וועל איכ דיר... אט וועל איכ, שייגעצ, דיר...

### יינגל.

אַי־אַי! לאָזט אָפּ! לאָזט אָפּ!..



### מאַלקע.

(רייסט ארויס דאָס יינגל פונ עסרעגס הענט)

וואָס האָט איר צו א יינגל! לאָזט אימ אָפּ!..

### פרוי עסרעג.

ער האָט פאַרדינט... אימ קומט, אימ קומט נאָכ מערער,
ער זאָל ניט ריידנ מער אזעלכע רייד...

### עסרעג.

וואָלט מענ זיי קליינערהייט געלערנט דרעכערעצ,
וואָלט מענ פאַרשפּאָרט זיי שמייסנ גרויסערהייט.

(אָפּ אינ צירק)

### מאַלקע.

א וויסט, א פינצטער יאָר...
וואָס שיט איר נאָכ מיר זאַלצ אפּ פרעמדנ ווייטיק,

### יינגל.

זיי רייצנ זיכ... זיי קוועלנ אָנ...

### גאָראָדאָוואָי.

אוועק! אוועק! אוועק! צעגייט זיכ!

### מאַלקע.

מע טרייבט היינט סאַקע מער, ווי אלעמאָל.

### יינגל.

דער טייוול האָט געבראַכט דעם גובערנאַטאָר.

### מאַלקע.

וואָס רעדסטו?! אויב דער קאַט איז איצטער דאָ,
איז טאַקע גלייכער האַלטן זיך וואָס ווייטער...

### יינגל.

וואָס האָב איך מוירע? אפ צעלאָכעס גאָר
וועל איך דאָ אומגיין, זאָלן זיי מיך יאַגן...
ווען איך זאָל זיין כאָטש עלטער אפ א יאָר,
וואָלט מען א טויטן אים פון דאָרט ארויסגעטראָגן.
(אָפ. מאַלקע וויל אוועקגיין. לעקערט קומט, טרעפט מאַלקען)

### לעקערט.

וואָס טוסטו דאָ?

### מאַלקע.

דיך געקומען זוכן...

### לעקערט.

וואָס האָסטו צו זוכן מיך...
איך וואָלט אליין דעם וועג אהיים געטראָפן...

### מאַלקע.

דו האָסט פאַרגעסן, אז דו האָסט אהיים...
עס טראָגט דיך אום, פון זינט דו ביסט געקומען —



נאָר גאַס און בירזשע, בירזשע נאָר און גאַס...
איך האָב קיין גליק ניט זען דיך אויך אין שטוב
און זאַט מיט דיר זיך אָנריידן...

### לעקערט.

גיי, מאלקע...
גיי בעסער איצט אהיים... כ'וועל קומען גיך.

### מאַלקע.

ניין, קום מיט מיר...

### לעקערט.

איך קאָן ניט איצט אוועקגיין...

### מאַלקע.

וואָס האָסטו וואָס צו טאָן אצינדערט דאָ?
דו הערסט דאָך, דאָרטן זיצט דער גובערנאַטער...
און דאָ מוז זיין מיט אויגן פול די גאַס...
מע וועט דיך אויסשפירן, מע וועט דיך ווידער כאַפּן
און ווידער דיך פאַרשיקן...

### לעקערט.

האָב ניט מוירע...
ס'וועט גאָרנישט ניט געשעען...
און ערגער, ווי עס איז, וועט שוין ניט זיין.

### מאַלקע.

דו גייסט אַוועק?..
דער מאַמעס מילעכ ווערט אינ מיר אַנטרונענ,
דאָס האַרצ פאַלט אָפּ פונ שרעק...
קומ, הירשל, קומ אַצינד, ניט צוליב מיר —
נאָר צוליבנ קינד, וואָס דאַרפ אַפ וועלט ערשט קומענ...

### לעקערט.

הערסט, דו!.. דו זאָלסט מיר אינ מיינ וועג ניט שטיינ...
אַניט, געדענק, מיר וועלנ שטאַרק זיכ קריגנ...
אַ ווייב קענ זיינ די פליגל פונעמ מאַנ,
אונ דו ווילסט זיינ אַ שטיינ אַפ מיינע פליגל.

(מאַלקע וויינט שטיל)

ניט וויינ, מע דאַרפ ניט, קומ אַהער, ניט וויינ...
מיר וועלנ זיכ נאָכ אָנריידנ... ניטהיינט, איז מאָרגנ...

(מיט געצוווּנגענעמ שמייכל)

אויב אַלע וועלנ זיצנ אינדערהיימ,
נו, ווער וועט דעמאָלט פאַר דער וועלט זיכ זאָרגנ...

### מאַלקע.

(שמייכלט דורכ טרערנ)

באַזאָרגער דו... מיכ אויכ... מיכ אויכ צעלאַכט,
עס גייט מיר אָפּ נאָר לאַכנ... צאָרעס מיינע זיסע...



### לעקערט.

(צארט)

גיי איצטער... גיי אַהיימ... כ'וועל קומענ גלייכ,
איכ דאַרפ דאָ נאָר... פאַרהאַלטנ זיכ אַביסל...

(מאַלקע גייט ניט אַנטשלאָסנ. לעקערט
קוקט איר נאָכ. רייסט אופּ דעמ קאָלנער)

ווי פייער וואָלט באַ מיר אָט דאָ געברענט...
ווענ כאָטש אַביסל דורכנעצנ דעמ האַלדז.

(וויל גיינ. קערעוועט זיכ צוריק אויס צומ צירק)

פאָנ־וואל! וועסט ניט אַוועק פונ מיינע הענט,
איכ וועל נאָכ היינט דיכ אָפּלייגנ אַפּ קאַלטס...

(אָפּ. די בינע פוסט. עס קומענ אָנ סאָניע,
שיינע, סענדעראַצקי. קוקנ זיכ אומ)

### סענדעראַצקי.

ניטאָ... ווו קענ ער זיינ?

### שיינע.

מיכ ווונדערט שטאַרק.
עס קענ ניט זיינ, אַז הירשל זאָל אַוועקגיינ
אונ איבערלאָזנ דאָ זיינ פאָסט...

### סאָניע.

ניט אַנדערש — עפּעס האָט מיט אימ געטראָפנ.

### סענדעראַצקי.

די עלפטע שאָ. ער האָט באַדאַרפט דאָ זיין...

### סאָניע.

גיי, סענדעראַצקי, טו אַ זוך און פרעג,
צי האָט אים ערגעץ פייוול ניט באַגעגנט...

### שיינע.

כ׳וועל אויך אַ זוך טאָן גיין... און איר וואַרט דאָ..

(סענדעראַצקי, שיינע אָפּ. סאָניע בלייבט אַ צייט
אַליין. קוקט זיך אומרויִק אום. עס קומט אָן
לעקערט)

### לעקערט.

(פריילער)

אַ, סאָניע... נו, וואָס הערט זיך עפּעס גוטס?

### סאָניע.

מיר וואַרטן שוין אַף דיר מיט אומגעדולד...
איך בין געשטאַנען פון פאַרנאַכט באַם פּאַלאַץ,
און שיינע שטייט די גאַנצע צייט באַם פּאַרק,
מיר ביידע האָבן אים געזוכן — פאָן־וואַלן...
ער איז אַוועקגעפאָרן פונדערהיים...
וווהין ער איז געפאָרן, ווייסט ניט קיינער,
ער האָט ביז איצט זיך נאָך ניט אומגעקערט.



### לעקערט.

און וועט שוין מער ניט אומקערן זיך... יאָ...
אָט דאָ וועל איך אים פּאַקן היינט, דעם העכט...

### סאָניע.

ער איז אין צירק?!

### לעקערט.

דו הערסט... מע פּאַטשט דאָרט „בראַוואָ",
אָט דאָס באַגלייט מען אים אין דר׳ערד אַריין...

(הויבט אָן פריילעך אונטערצוזינגען. בייגט זיך
נאָענט אָן צו סאָניען. סאָניע מאכט א טראָט צוריק
אין שרעק)

### סאָניע.

וואָס איז מיט דיר?! האָסט אויסגעטרונקען? הירשל!

(פּאַוזע)

### לעקערט.

אַביסל דורכגענעצט... נאָר האָב קיין מוירע ניט,
מיין האַנט וועט ניט קיין ציטער טאָן...

(נעמט אַרויס דעם רעוואָלווער)

אָט זע, ווי פעסט איך האַלט אין האַנט זייט טויט...

### סאָניע.

ביסט צופיל אופגערעגט, ביסט צו צעהיצט...
איך האָב פאַר דיר איצט מוירע... הער מיך אויס...

גיב, איך וועל דאָ פאַרבלייבן אַפ דיין אָרט,
איך וועל דאָס אָפּטאָן גוט אזוי ווי דו,
גיב, הירשל, מיר דעם רעוואָלווער . . .

### לעקערט.

אַ נאַר גיט אָפּ אַ שעפל פון דער באָד . . .
ניין, איך וועל איצט מיט אים זיך ניט צעשיידן . . .
ער איז מיר טייער אַצינד, ווי טאַטע ־ מאַמע,
דאָ איז מיין לעבן און מיין טויט צוזאַמען . . .

### סאָניע.

שווייג! שווייג! גיב מיר דעם רעוואָלווער . . .

(פּרוווט זיך נעמען בא אים דעם רעוואָלווער. עס קומען צוריק שיינע, סענדעראַצקי. לעקערט דערזעט זיי, ווענדעט זיך, שטאַרק אופגערעגט, צו אַלע דריי).

### לעקערט.

גייט אַלע איצט אַוועק . . .
איך בעט אייך, גייט אַוועק פונדאַנען אַלע,
אויב עמעצער דעקזעט אייך דאָ מיט מיר,
וועט איר דערנאָכדעם אויך אַ קאָרבן פאַלן.

### סאָניע.

און זיך איז ער שוין מאַפקיר . . .
זיך, הייסט עס, מעג ער שטעלן אין סאַקאָנע.
ניין, כ'וויל ניט . . . כ'וויל ניט . . . קום אַוועק... דו אויך...
צו טייער וועט אונדז קאָסטן די נעקאָמע . . .



### שיינע.

(האַרט צו סאָניען)

וואָס רעדט איר?!
אָפּטרעטן קאָן איצט קיין רייד ניט זיין!
ער איז אין צירק? איז איצט די רעכטע צייט,
די סאַמע רעכטע צייט איז איצט געקומען . . .
וועל איך פאַרבלייבן דאָ . . . דו, הירשל, גיי אַוועק,
ביסט ניט אַליין, דו האָסט א ווייב, אַ קינד,
און איך האָב איינצושטעלן נאָר מיין קאָפּ.

### לעקערט.

אָט דאָ איז היינט מיין אָרט . . . נו, טראָגט זיך אָפּ,
ביזוואַנען איר האָט ניט אי מיך, אי זיך פאַרשאָטן.

### סענדעראַצקי.

הער, הירשל, כ'ווייס, דו ביסט גערעכט . . . גערעכט . . .
איך וואָלט דאָך אויך מיין אָרט ניט אָפּגעטראָטן . . .
נאָר זאָג! האָסט רעכט זיך איינצושטעלן מער, ווי מיר,
האָסט רעכט? . . איז גיי אַוועק, אַניט וועל איך דיר נויטן.

### לעקערט.

איר וועט אַוועקגיין באַלד? אויב ניט . . .

(פּאַוזע)

אויב ניט, וועט איר מיך האָבן דאָ אַ טויטן . . .

מאַכט אַ באַוועגונג מיטן רעוואָלווער אינדער־לופטן. סאָניע, שיינע, סענדעראַצקי טרעטן שוויַ־

גיך אָפּ. פון צירק דערהערט זיך אַ גערויש
אַן אוילעם שטויסט זיך ארויס פון דאָרט. לעקערט
האַרפּט זיך צום צירק)

### גאָראָדאָוואָי.

אַוועק! אַוועק! צעגייט זיך!

### נאַזימאָוו.

(באַווייזט זיך אפ די טרעפ פון צירק)

טרייב! טרייב! עס זאָל איצט קיינער דאָ ניט שטיין!

(פוסט. אָנגעשטרענגט שטיל. לעקערט באַהאַלטן
אין שאָטן. פאַרגליווערטער גאָראָדאָוואָי, פאַרגלי-
ווערטער נאַזימאָוו. פאָן - וואַל גייט אַרויס פון צירק
באַגלייט דורך זיין סוויטע, שטעלט זיך אָפּ אַפּ
אַ אונטערשטן טרעפּל. קוקט שטום)

### פאָן - וואַל.

באַרויקט, דאַנקען גאָט, די שטאָט!

### לעקערט.

(שפּרינגט ארויס פון באהעלטעניש)

נאָך ניט איינגאַנצן רויק, ווי דו מיינסט!

(שיסט. פאָן - וואַל פאַלט. פינצטער. עס הערט
זיך אַ שטאַרקער געלויף און הויכע געשרייען.
ווען די ליכט צינדט זיך אָן, ליגט פאָן - וואַל אפ
די טרעפּ פון צירק. דער דאָקטער בינדט אים איבער
די האַנט. נאַזימאָוו שטייט פאַר אים אָנגעשטרענגט
אויסגעצויגן, דערשראָקן)



### נאַזימאָוו.

געכאַפּט אים, אייער עקסצעלענץ! — אַ ייד!
אַן אַרבעטער!

### פאָן - וואַל.

(מיט קורצן אָטעם, הייזעריק)

אַן אַרבעטער?!
אַזעלכע דרייסטע צווישן זיי פאַראַן?..
באַווייזט מיר אים אַהער...

(גאָראָדאָוואָיעס און טשעקין פירן - צו לעקערטן.
פאָן - וואַל קוקט אַפּ אים מיט שטומען שרעק.
שווייגט. טשעקין גיט איבער באָגאָלייען לעקערטס
רעוואָלווער. באָגאָליי קוקט מיט שרעק אַפן
רעוואָלווער. באַהערשט זיך. פלינק דעם רעוואָל-
ווער קעגן לעקערטן)

### באָגאָליי.

דערשיסן, ווי אַ הונט!..

### פאָן - וואַל.

שטרענגט זיך אופצוהויבן די געזונטע האַנט)

ניין, ניין... אַ שאָד...
אַ שאָד אים אָפּצונעמען באַ דער טליע...
(קוקט שטום מיט פאַרכאַפּטן אָטעם.)

פירט אים אַוועק... ניין, וואַרט...
(קוקט אָנגעשטרענגט און בייז לעקערטן אין די אויגן

דו זעסט... איך לעב! איך לעב!
זאָלסט דאָס געדענקען, ווען מע וועט דיך הענגען...

## לעקערט.

(רויק, האַרט, דייטלעך)

עס לעבן טויזנטער און טויזנטער, ווי איך,
זאָלסט דאָס געדענקען, וויפל דו וועסט לעבן!..

פאַרהאַנג פאַלט ראַש, פלינק.

פרייז 50 קאפ.

ק.

Єврейською мовою:

А. Кушніров

ГІРШ ЛЕКЕРТ



На еврейском языке:

А. Кушниров

ГИРШ ЛЕКЕРТ

ВСЕУКРАЇНСЬКА ФІЛІЯ ЦЕНТРАЛЬНОГО ВИДАВНИЦТВА НАРОДІВ СРСР ПРИ ПРЕЗИДІЇ ВУЦВК'у, ХАРКІВ